יאַנוש קאָרטשאַק

# ווען איך וועל ווידער זיין קליין

איבערגעזעצט פון פויליש דורך

כאים בראַקאַוש






יאָר פון באַפרייער גענעראַל סאַן מאַרטין

1950

IANUSCH KORCHAK

# CUANDO VUELVA A SER NIÑO

(KIEDY ZNÓW BĘDĘ MAŁY...)

Traducción del polaco por

**J. BRAKARZ**



IMPRESO EN LA ARGENTINA
PRINTED IN ARGENTINE

Buenos Aires, 1950
Año del Libertador General San Martín

**EDITORIAL "I C U F"**

⁂

יאַנוש קאָרטשאַקס בוך „ווען איך וועל ווידער זײַן קליין" דערשײַנט צום ערשטן מאָל אין ייִדיש. דער באַרימטער פּעדאַגאָג, וועלכער האָט פּראַקטיש אַ סך בײַגעטראָגן פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג און האָט אין וואַרשע געהאַט זײַן אייגענע לאַבאָראַטאָריע, האָט זײַנע מיינונגען און אַרגומענטן אויסגעדריקט אין דער פּוילישער שפּראַך. דער ייִדישער מאַסן־לייענער האָט קאָרטשאַקן קימאַט ווי ניט געקענט. בלויז אַ געוויסער טייל פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ איז געווען מיט אים פֿאַרבונדן, האָט אויפֿגעהאַלטן די קאָרטשאַק־שול און פּראַקטיקירט דעם קאָרטשאַק־עקספּערימענט.

קאָרטשאַק האָט זײַנע פּעדאַגאָגישע אַרגומענטן געבויט אױף דער באַזע פֿון דער טאָלסטאָיאַנישער „פֿרײַער דערציִונג" און אױף דער באַזע פֿון דער „פֿרײַער דערציִונג", וואָס רוסאָ האָט פֿאָרמולירט — דער געדאַנק פֿון דער דאָמינירנדיקער געזעלשאַפֿטלעכקייט און פֿון די „אויפֿגעקלערטע אַטעיִסטן", וועלכע האָבן נאָך מאָך אַכצנטן יאָרהונדערט אויפֿגעהאַלטן זייערע דריט־ראַנגיקע פּאָזיציעס. די געענדערטע באַדינגונגען אין 19טן יאָרהונדערט און אין אונדזער ערא האָבן געבראַכט צו אַנדערע פֿילאָזאָפֿישע אײַנשטעלונגען אױף אַלע געביטן און בעמיילע האָבן די טעאָרעטישע פֿראַגעס אין דער פּעדאַגאָגיק באַקומען אַנדערע אויספֿירן.

און כאָטש יאַנוש קאָרטשאַק האָט די דאָזיקע נײַע ווענדונג ניט באַנומען אין דער גאַנצער ברייט, איז זײַן בײַטראָג פֿאַר דער ייִדיש־וועלטלעכער פּעדאַגאָגישער ליטעראַטור זייער אַ וויכטיקער, ווײַל

אויך אַף דעם פּראָנט פון פּעדאַגאָגיק האָט די פּאָרגעקומענע עוואָלוציע ניט אַליין באַזייַטיקט. דאָס וואָס עס איז אין די אינטערעסן פון הומאַניזם איז אָפּגעהיט געוואָרן מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט און האָט געדינט ווי אַ באַזע פאַר דער ווייַטערדיקער אַנטוויקלונג.

דאָס דערמאָנטע בוך, וואָס דער איקופּ גיט אַרויס, אין דער איבערזעצונג פון כאַים בראַקאַזש, איז נאָך אין ייִדיש קיינמאָל ניט דערשינען. דער ייִדישער קולטור־פאַרבאַנד איז איבערצייַגט, אַז ער טראָגט צו אַ וויכטיק ווערק וואָס וועט ברענגען אַ סאַך נוצן די לערער, שול־טוער און עלטערן און וועט זייַן אַ וויכטיקע אָנרעגונג פאַר פּעדאַגאָגישע דיסקוסיעס אַרום פראַגעס פון וועלטלעכער דערציִונג.

יוזעף וואַסאָווסקי

# יאַנוש קאָרטשאַק — דער אומגעוויינלעכער מענטש

ער האָט אָנגעהויבן פון לייצאָנעס און סאַטירע. אין די סטו־דענטישע יאָרן האָט ער אַ סאַך געלאַכט, געשריבן בײַסיקע ליד־לעך, גיפטיקע קופלעטן, הומאָריסטישע פעליעטאָנען. אין דער דאָ־זיקער שפּילערײַ האָט זיך טיילמאָל געלאָזט הערן אַ טיפערע נאָ־טע, אָט יענע, וועלכע ער האָט שטאַרק אָנגעשלאָגן אין זײַן ערש־טער דערציילונג „דאָס קינד פון סאַלאָן". דאָס איז ביטערע לייצאָ־נעס פון בורזשוי. דאָ כוויזעקט־אָפּ די פאַרפאַלגטע און טרוימערישע, די צעפּיַיניקטע און צעשטורעמטע יוגנט פון דער זאַטקייט, פון דעם גרויסן בויך און קליינעם געוויסן, פון דער שטאַרקער קעשענע און שוואַכן מויעך. די דאָזיקע דערציילונג איז געפעלן געוואָרן דער ראַ־דיקאַלער, „סאָציאַליזירנדיקער" יוגנט. (ווי האָט געזאָגט דער באַ־רימטער וויטשעך דזשעדושיצקי? ווער ס'איז צו אַכצן יאָר נישט קיין סאָציאַליסט, וועט זײַן צו פערציק — פאַרדאַן — אַ דאָווערא־כער...)

דורך דעם „קינד פון סאַלאָן" האָט זיך קאָרטשאַק שטאַרק קוינע שעם־געוועזן. מען האָט באַמערקט, אַז דער דאָזיקער יונגער מעכאַבער פאַרמאָגט אַ כוש פאַר אָבסערוואַציע. דאָס איז עמעס. קאָרטשאַק קוקט זיך־צו צו אַלצדינג מיט קאָפּ, דער איקער — צום מענטש. וואָס פאַרא איז ער? פאַרוואָס איז ער אַזוי און נישט אַנ־דערש? וואָס פאַרא וואָלט ער געקאָנט זײַן אין אַנדערע באַדינגונ־גען? ער האָט אַף דער גרויסער אויסשטעלונג פון דער מענטשלע־כערווירקלעכקייט באַקוקט פאַרשיידענע לעבעדיקע עקספּאָנאַטן.

צום גערנסטן די אויסטערלישע, נישט שאַבלאָן־מעסיקע, די וואָס גייען נישט מיט דעם אויסגעטרעטענעם וועג, די אויסגע־גליטשטע.

קאָרטשאַקס וווינונג איז אין מעשעך פון עטלעכע יאָר געווען אַ מאָקעם מיקלעט און נאַכטלעגער־אַכסאַניע פאַר פאַרשיידענע פאַרשווינען און פאַרשווינדלעך, דעריקער אַזעלכע, וואָס זײַנען ערשט אַרויס פון טפיסע. זיי האָבן זיך אין קאָרטשאַקס שטוב געפילט ווי באַ זיך אין דער היים, און העיוים עס האָט אים ווי אינגאַנצן גע־פעלט דאָס געפיל פאַר אייגנטום, האָט מען באַ אים צוגענומען, וואָס איינער האָט געוואָלט. קאָרטשאַקס ערנווירדיקע מוטער האָט דער־פון געהאַט אַגמאָס נעפעש, וואָרום העניויש (קאָרטשאַקס נאָמען — הענריק גאָלדשמידט) האָט געלאָזט צונעמען די נייטיקסטע זאַכן. „ער האָט דאָך נישט קיין געלט...״ „ער האָט דאָך נישט קיין שיך, ער האָט נישט קיין העמד...״ דער דאָזיקער „דאָך״ האָט אַלצדינג אַריבערגעוווֹיגן. פּונקט ווי אין גאַלסוואַרטיס „טויבן־האַרץ״.

***

ער האָט געהאַט שיינע אויגן און אַ ווונדערלעכן שמייכל. ער האָט גערעדט מיט אַ שטיל קאָל. אין אַ געזעלשאַפט פלעגט ער זיך זעלטן אָנרופן. ס׳ראָוו איז ער געווען פאַרטראַכט, פאַרקוקט אין עפּעס אַ פּונקט. אויב ער האָט זיך געפונען נישט אין זײַן אַטמאָס־פערע, צווישן סטאָם מענטשן, נישט אינטערעסאַנטע — פלעגט ער שווײַגן, ער האָט אַנטוישט די, וואָס האָבן געוואָלט, אַז „דער דאָ־זיקער קאָרטשאַק״ זאָל זיי זאָגן עפּעס אַ טשעקאַווע זאַך. און „דער דאָזיקער קאָרטשאַק״ שווײַגט און שווײַגט. אַן אָנגעכמורעטער פאַרשוין... „אַזוי איז שוין מיט די דאָזיקע שרײַבערס״.

איינמאָל אינטערפּעלירט אים אַ פרײַלן באַם אָוונט־ברויט.

— פאַרוואָס רעדט איר גאָרנישט?

ער האָט אַ קוק געטאָן אַף דער פרײַלן, ווי ער וואָלט זיך אויפ־געכאַפּט פון שלאָף. און ער ענטפערט:

— דאָס רויטע קרויט האָט מיר זייער געשמעקט.

האָט זי זיך כאָטש עפּעס דערוווסט וועגן דעם שוין דעמאָלט באַקאַנטן שרײַבער: אַז ער האָט ליב רויט קרויט...

שוין אין דער יוגנט האָט ער זייער גערן געשמועסט מיט קינדער. ער האָט געהאַלטן און געשריבן, אַז קינדער זײַנען קליגער פֿאַר דערוואַקסענע. (אַזוי האָט אויך געהאַלטן פּעסטאַלאָצי.) וואָרום אַ קינד וויל אַלצדינג פֿאַרשטיין, און אַ דערוואַקסענער בלויז אַזויפֿיל, וויפֿל עס איז אים דורכויס נייטיק. וואָרום אַ קינד איז לאַהוט צו וויסן, האָט די גרעסטע אינטעלעקטועלע אַמביציע, האָט דעם שטאַרקסטן כוש פֿון נײַגיריקייט צום לעבן, און אַ דערוואַקסענער מענטש — בעדערעך קלאַל — באַגרענעצט, אַף וויפֿל ער קאָן נאָר, די ספֿערע פֿון זײַנע פֿאַרינטערעסירונגען. ס'טרעפֿט זעלטן, אַז אַ דערוואַקסענער זאָל פֿרעגן, ווי אַזוי מען מאַכט שוועבעלעך, כאָטש ער האָט קעסיידער צו טאָן מיט שוועבעלעך. אַ קינד האַלט אין איין פֿרעגן. עס פֿרעגט, ווײַל עס איז קלוג, ווײַל עס וויל וויסן, ווײַל דאָס נישט וויסן מאַטערט עס.

קאָרטשאַק האָט אַ היפּשן טייל לעבן פֿאַרנוצט אַף שמועסן מיט קינדער. אומעטום ווו ס'איז נאָר מעגלעך געווען. אין שול, אין גאָרטן, אַף דער גאַס. און אָט פֿונדאַנען, פֿון די דאָזיקע פּיליאָריקע שמועסן און אָבסערוואַציעס, נעמען זיך זײַנע אומגעוויינלעכע ביכער, וואָס ברענגען עמעס וועגן קינד, דעם ווייניק-באַקאַנטן עמעס, אַפֿילע פֿאַר די ליבנדיקע מאַמעשים: „די קינדער פֿון דער גאַס", „ווי אַזוי ליב האָבן אַ קינד?", „יוזשקי, יאַשקי, פֿראַנקי", מוישעלעך, יאַסעלעך, יִסראָליקלעך".

***

פֿאַראַן פֿאַרשיידענע שרײַבער. טייל רעפֿאָרמירן די וועלט באַם שרײַבטיש, זייער ווייניק קומענדיק אין באַרירונג מיט מענטשן. אַזוי לעמאָשל האָט רענאַן זײַן שענסטע זאַך — „פֿילאָזאָפֿישע דיאַלאָגן" געשריבן בעיים דעם באַלאַגערן פֿאַריז, און די ווענט פֿון זײַן קאַבינעט האָט ער אויסגעבעט מיט פֿילץ און שטרויזעק, קעדיי נישט צו הערן דאָס טראַסקערײַ פֿון די האַרמאַטן. אַנדערע שרײַבער ווידער קוקן זיך־צו צו די מענטשן פֿון דער נאָענט, אָבער נאָר ביכדיי וועגן זיי צו שרײַבן. און זיי האָבן אַ האַשפּאָע דורך זייערע ביכער. נאָך אַנדערע ווילן אײַנפֿירן אין לעבן דאָס, וואָס זיי רעקאָמענדירן

די מענטשן אין זייערע ביכער, דורך אייגענער דירעקטער אַרבעט, דורך אייגענעם קאַמף.

יאַנוש קאָרטשאַק איז געווען אין דער וועלט-ליטעראַטור דער איבערגעגעבנסטער פּעדאַגאָג און געזעלשאַפטלעכער טוער. אין מעשעך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן איז דאָס שרייבן געווען בא אים בלויז איינס פון די טעטיקייט-מיטלען. עס איז געווען ווי אַ רוף נאָך הילף פאַר דעם ווערק, וואָס ער האָט אונטערגענומען און ליב געקריגן. אַזוי זיינען אויך געווען די שמועסן פון דעם „אַלטן דאָקטאָר" אין וואַרשעווער ראַדיאָ — (יאַנוש קאָרטשאַק איז פון באַרוף געווען אַ מעדיקער. אין פּוילישן מיליטער האָט ער געהאַט דעם ראַנג פון אַ קאָלאָנעל). די בריוו, וואָס קינדער האָבן געשריבן צום „אַלטן דאָקטאָר", הונדערטער און טויזנטער בריוו, זיינען פאַר קאָרטשאַקן געווען נייער מאַטעריאַל, אַ נייער אַרגומענט.

***

צי איז נאָך אַמאָל געווען אַף דער וועלט אַן איידעלערע, דערהויבענערע אינסטיטוציע ווי דאָס דורך קאָרטשאַקן געשאַפענע „בית יתומים" אין וואַרשע אַף דער קראָכמאַלנע גאַס נומער 92?

אַ קינדער-רעפּובליק. אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַ קינדער-געריכט. אַן אייגענע וואָכנצייטונג.

די געזעצן, וואָס האָבן רעגירט די דאָזיקע רעפּובליק: גוטסקייט, גלייכהייט, גערעכטיקייט.

דער גרונטזאַץ, וואָס איז דאָרט דורכוים אָפּגעהיט געוואָרן: זאָרג פאַר דעם קינדס פּערזענלעכקייט. קיין שפּור פון קאַזאַרמע. קיין שפּור פון דער אַלטפרענקישער קנעלעריי. קיין שפּור פון דעם פאַרשאָלטענעם שאַבלאָן, וואָס האָט הינטער זיך אַזויפיל קאָרבאָנעס. אָבער קעדיי איבערצורייסן מיט דער דערציִונג-סכעמע, מיט דער פּעדאַגאָגישער לייכט-מאַכעריי און רוטינערער סימפּליפיצירונג, מוז מען זיך אָנטאָן אַ גרויסן באַפרייערישן קויעך. מען מוז אָפּוואַרפן פאַרעלטערטע און שלעכטע מעטאָדן, זיך באַנוצן מיט די, וועלכע עס דיקטירט דאָס ערלעכסטע, טיפסטע וויסן וועגן קינד.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין גרעסערן קענער פון דעם קינדס נע־שאָמע ווי קאָרטשאַק. ער האָט זיך איינגעשאַפט דאָס דאָזיקע וויסן דורך פיליעריקער אַרבעט. עס האָבן אים דערין צוגעהאָלפן די קינ־דער. דערמיט וואָס זיי האָבן אים געשאָנקען צוטרוי, אַ זאַך וואָס איז שווערער צו באַקומען, ווי עס קאָן זיך אויסדאַכטן.

זיי האָבן נישט געהאַט פאַר אים קיין סוידעס. און זיי האָבן נישט געזאָגט קיין ליגנס, ווייל ער האָט פאַר זיי געשאַפן באַדינ־גונגען, אין וועלכע עס איז נישט נייטיק צו זאָגן ליגנס.

עס פלעגן זיך אין „בית יתומים" טרעפן פאַרשולדיקונגען. דאָס קינדער־געריכט איז געווען דאָס ערלעכסטע פון אַלע געריכטן. און געווען איז דאָס אַ געריכט, צוזאַמענגעשטעלט פון קינדער, וועלכע האָבן אינדערהיים נישט באַקומען קיין שום דערציִונג, פון קליינ־וואַרג, וואָס איז פריער געווען שטאַרק צעלאָזן.

אָבער זיי זיינען אַריין אין אַן אַנדער וועלט, אין אַן אַטמאָס־פערע פון געזעלשאַפטלעכקייט און קעגנזייטיקער הילף. זיי זיינען געוואָרן איבערגעאַנדערשט, פאַרגעזעלשאַפטלעכט, פאַראיידלט.

דאָס איז געווען קאָרטשאַקס אַ גרויסער ניצאָכן. ער האָט גע־רעדט וועגן די דאָזיקע פאַרוואַנדלונגען מיט די באַזוכער פון זיין „בית יתומים": „אָט דער דאָזיקער מאָניעק איז געווען אַ גאַנעוול, און אַצינד — אַ פיינער, ווילער מענטש"... קאָרטשאַק האָט אָפט געזאָגט וועגן אַ קינד „דער דאָזיקער מענטש".

**
*

קאָרטשאַק איז פאַר קינדער נישט געווען קיין מאַכטהאָבער. „איך — פלעגט ער זאָגן — באַפעל זיי קיינמאָל נישט. איך גיב נאָר אַן אייצע. איך בעט". קיין שום „באַפעלער" האָט מען נישט צווישן קינדער אַזוי געפאָלגט. און שווערע קינדער, פאַראַקשנטע? מיט זיי האָבן זיך שוין אַנדערע קינדער אַן אייצע געגעבן. דאָס געפיל פון קעגנזייטיקן ווויליזיין האָט דאָרט אַמבעסטן פאַרשטאַרקט דעם פע־דאַגאָגישן כוש.

דאָס „בית יתומים" האָבן באַזוכט באַדייטנדיקע אייראָפעיִשע און אַמעריקאַנער פעדאַגאָגן. זיי זיינען געווען איבעראַשט פון דעם

דאָזיקן גרויסן עקספּערימענט. קאָרטשאַק איז געוואָרן באַרימט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּעדאַגאָגישער וועלט. ער איז פאָרויס־געגאַנגען די הערלעכע נאָכרעוואָלוציע־עקספּערימענטן פון ראַטנ־פאַרבאַנד אין דער אַרבעט איבער די אָן השגחה־געבליבענע קינ־דער („בעזפּריזאָרניע״), אין דער אַרבעט, וועלכע האָט באַוויזן צו וואָס פאַרא גרויסע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע דערגרייכונ־גען מען קאָן דערגיין.

***

מילכאָמע. אָקופּאַציע. היטלעריסטישע פאַרפלייצונג און אָרגיעס פון בעסטיאַלישקייט אין קאַמף מיט מענטשלעכקייט. מיט אַלעם וואָס וועקט דאָס מענטשלעכע געוויסן, וואָס איז גוט, וואָס שטרעבט צו פאַרבעסערן, צו פאַראיידעלערן דאָס לעבן.

דער דײַטשער מערדער האָט נישט געשוינט דאָס „בית יתו־מים״.

בעיים דער שכיטע און דעם אַרויספירן די מענטשן פון וואַר־שעווער געטאָ — אַ קינדער־מאַרש מיט יאַנוש קאָרטשאַקן בעראָש. ער איז צוזאַמען מיט די קינדער געגאַנגען צו דער אויסראָטונג. דער דאָזיקער מאַרש... ניין, דאָ זײַנען קיין שום ווערטער נישט נייטיק. קאָרטשאַק האָט געקאָנט געראַטעוועט ווערן . עס זײַנען געווען דערצו מיטלען, מען האָט צוגעגרייט דאָס אַנטלויפן. ער האָט נישט געוואָלט. ער האָט נישט געקאָנט וועלן.

מיט אַ קינד אַף דער האַנט איז ער אַרײַן אין דעם צוג פון טויט.

## צום דערוואַקסענעם לייענער

איר זאָגט:

— עס לאַנגווײַליקט אונדז דאָס אומגיין מיט קינדער.

איר זענט גערעכט.

איר זאָגט:

— ווײַל מיר מוזן זיך אַראָפּלאָזן צו זייערע האַסאָגעס.

אַראָפּלאָזן, אײַנבייגן, אַראָפּניינן, אײַנקאָרטשען.

איר האָט אַ טעות.

נישט דאָס פאַרמאַטערט אונדז. — נאָר וואָס מיר מוזן אַרויפדערלאַנגען צו זייערע געפילן.

אַרויפדערלאַנגען, זיך אַרויפהייבן, אויף די פינגער זיך שטעלן, גרייכן. קעדיי נישט ווײ צו טאָן.

## צום יונגן לייענער

אין דער דאָזיקער דערציילונג זײַנען נישטאָ קיין אינטערעסאַנטע געשעענישן. ס׳איז בלויז אַ פּרוּוו פון אַ פּסיכאָלאָגישער דערציילונג.

נישט פּסיכאָלאָגיש, ווײַל וועגן הינט*). ניט קיין הינט, בלויז איין ראַבטשיקל.

און העיווים אויף גריכיש הייסט פּסיכיע נעשאָמע,

רעדט זיך דאָ, וואָס עס טוט זיך אין אַ מענטשס נעשאָמע: וועגן וואָס ער טראַכט, וואָס ער פילט.

---

*) אין אָריגינאַל איז דאָס אַ ווערטשפּיל פון psy, וואָס באַדײַט אויף פּויליש — הינט.

עס איז אזוי געווען.

איך ליג מיר אמאל אין בעט און שלאף ניט. אבער איך דערמאן מיך, אז ווען כ׳בין געווען קליין, האב איך אפט געטראכט, וואס איך וועל טאן, ווען איך וועל אויפוואקסן.

איך האב געפלאנעוועט פארשידן.

אז איך וועל זיין גרויס, וועל איך אויפשטעלן א הויז פאר טאטע-מאמע. און א גערטנדל וועט זיין, קעדיי אין גערטנדל צו פארזעצן ביימ-לעך: בארנביימער, עפלביימער און פלוימענביימער. איך וועל פארזייען בלומען, קעדיי אז ווען טייל בלומען וועלקן, זאלן אנדערע אנהייבן בליען.

כ׳וועל אנקויפן ביכלעך מיט בילדלעך, אדער אן בילדלעך, אבי נאר זיי זאלן זיין אינטערעסאנט.

כ׳וועל קויפן פארבן, קאלירטע בלייפעדערס, כ׳וועל צייכענען, מאלן. וואס איך וועל זען, וועל איך צייכענען.

כ׳וועל אפהיטן דאס גערטנדל — און אן אלטאנקע וועל איך מאכן. אין דער אלטאנקע וועל איך אריינשטעלן א שטול, א פאטעל מיט אן אנ-לען. די אלטאנקע וועט זיין באוואקסן מיט ווילדן ווייַנשטאק, און אז דער טאטע וועט אהיימקומען פון דער ארבעט, זאל ער זיך זיצן באקוועם אין שאטן. ער וועט אנטאן די ברילן אף דער נאז און לייענען א צייַטונג.

די מאמע ווידער, — זי וועט האבן הינער. און א טויבנשלאק וועט זיין הויך אף א סלופּ, קעדיי די קאץ, אדער אן אנדער שאדנווינקל זאל זיך אהין נישט ארויפגאנווענען.

און קראליקעס וועלן זיין.

א סראקע וועל איך האבן, כ׳וועל זי אויסלערנען ריידן.

איך וועל האבן א קוציקל און דריי הינט.

אמאל וויל איך האבן דריי הינט, און אמאל פיר. איך האב אפילע געוווּסט, ווי אזוי כ׳וועל זיי רופן. אדער — זאלן זיין דריי: פאר יעדן איינער. מייַנער וועט הייסן בעקאס, און די מאמע מיטן טאטן זאלן זיי רופן, ווי זיי וועלן וועלן.

פאר דער מאמען א קליין, היימיש הינטל. און אויב זי וויל בעסער א קאץ, טא זאל זיין א קאץ. זיי וועלן זיך צוגעוווינען, וועלן עסן פון איין שיסעלע. דאס הינטל מיט א רויט בענדל, די קאץ — מיט א בליי.

איינמאל האב איך אפילע א פרעג געטאן:

— מאַמע, אַ רויט בענדל איז בעסער פֿאַר אַ קאַץ, צי פֿאַר אַ הונט?
און די מאַמע האָט געענטפֿערט:
— האָסט שוין ווידער צעריסן די הויזן.
דעם טאַטן האָב איך געפֿרעגט:
— צי יעדער אַלטיטשקער מוז האָבן אַ בענקעלע אונטער די פֿיס, ווען ער זיצט?
דער טאַטע האָט געענטפֿערט:
— יעדער שילער מוז האָבן גוטע צענזורעס און נישט שטיין אין ווינקל.

האָב איך אויפֿגעהערט צו פֿרעגן. איך האָב מיר שוין דערנאָך אַלצ־דינג אַליין פֿאַרענטפֿערט.

עפּשער וועלן די הינט זײַן פֿאַר יאַגד. כ׳וועל גיין אויף יאַגד, כ׳וועל אַהיימברענגען, אָוועקגעבן דער מאַמען. כ׳וועל אפֿילו פֿאַנגען אַ ווילד כאַזער, אָבער נישט אַליין — מיט די כאַוויירים. מײַנע כאַוויירים וועלן שוין אויך זײַן גרויסע.

מיר׳ן זיך גיין באָדן. מיר׳ן מאַכן אַ שיפֿל. אויב די עלטערן וועלן וועלן, וועל איך זיי פֿירן.

טויבן וועל איך האָבן אַ סאַך. כ׳וועל שרײַבן בריוו און שיקן דורך טויבן. דאָס וועלן זײַן פּאָסט־טויבן.

מיט קי איז דאָס זעלבע. אַמאָל טראַכט איך, אַז איינע וועט גענוג זײַן, אַמאָל — צוויי.

און אַז מיר האָבן קי, איז שוין דאָ מילך, פּוטער, קעז. און די הינער וועלן לייגן אייער.

דערנאָך וועלן זײַן בינשטאָקן, בינען, האָניק. די מאַמע וועט אײַנ־מאַרינירן פֿאַר געסט פֿלוימען אויפֿן גאַנצן ווינטער און אָנפּרעגלען פּאָ־ווידלע.

ס׳וועט זײַן אַ וואַלד. כ׳וועל גיין אין וואַלד אַרײַן אויף אַ גאַנצן טאָג, כ׳וועל גיין קלײַבן יאַגדעס, און דערנאָך שוואָמען. מ׳וועט אָנטריקענען שוואָמען — וועט זײַן.

כ׳וועל אָנהאַקן האָלץ אַ סאַך, אויפֿן גאַנצן ווינטער, קעדיי עס זאָל זײַן וואַרעם.

אַ ברונעם דאַרף מען אויסגראָבן אַ טיפן, אַזש ביז צו ריין וואַסער, גלײַך פון קוואַל.

אָבער מען דאַרף קויפן פאַרשיידענע זאַכן: שטיוול, אָנטועכץ. דער טאַטע וועט זײַן אַלט, נישט קענען אַ סאַך פאַרדינען. טאָ מוז איך.

כ'וועל אײַנשפּאַנען דאָס פערד און אַוועקפירן אַפן מאַרק פּרוכטן, גרינס, אַלץ, וואָס מיר'ן נישט דאַרפן. און וואָס מיר'ן דאַרפן, וועל איך ברענגען צו פירן. כ'וועל מיך דינגען און קויפן וואָלוול.

אָדער גאָר כ'וועל אָנלייגן עפּל אין קוישן, אַוועקפאָרן אין ווײַטע לענדער מיט אַ שיף. אין וואַרעמע לענדער זײַנען דאָ פײַגן, טייטלען, פּאָמעראַנצן, טאָ זײַנען זיי דאָרט שוין צוגעגעסן, ווען זיי קויפן עפּל, און איך — זייערע פּרוכטן. כ'וועל ברענגען אַ פּאָפּוגײַ, אַ מאַלפּעלע און אַ קאַנאַריק.

איך ווייס שוין אַליין ניט, צי איך האָב אין דעם אַלעם געגלייבט. אָבער ס'איז געווען אָנגענעם אַזוי אויסצופּלאַנעווען אין די מאַכשאָוועס.

טיילמאָל האָב איך אַפילע געוווּסט, צי דאָס פערד וועט זײַן ברוין, צי שוואַרץ. וואָרום אָט לעמאָשל זע איך אַ פערד און איך טראַכט: „אָט אַזאַ וועל איך האָבן, ווען איך וועל זײַן גרויס". — און דערנאָך זע איך אַן אַנדערס און איך טראַכט: „ניין, אָט אַזאַ וועט זײַן בעסער". אָדער: „זאָלן זײַן צוויי — דער און יענער".

ביז איך נעם און מאַך אַלץ אַנדערש.

אַז איך וועל זײַן אַ לערער. כ'וועל צונויפנעמען מענטשן און זאָגן:

— מ'דאַרף אויפבויען אַ גוטע שול, אַז עס זאָל נישט זײַן אַזוי ענג, אַז איינער זאָל דעם אַנדערן נ*ט שטופּן, ניט אָנטרעטן, ניט שטורכען.

קומען קינדער אין שול און איך פרעג:

— טרעפט, וואָס מיר'ן טאָן?

זאָגט איינער:

— מיר וועלן פאָרן אַף אַן אויספלוג.

אַן אַנדערער זאָגט:

— מען וועט ווײַזן בילדער.

און דאָס און יענץ.

און איך:

— ניין — ניין — דאָס אַלצדינג וועט אויך זײַן, אָבער נאָך עפּעס וויכטיקערס.

ערשט ווען עס ווערט שטיל, טו איך אַ זאָג:

איך וועל אײַך אויפבויען אַ שול.

און איך טראַכט אויס קאָלערליי שטערונגען. אַז קלוימערשט איז די שול שוין קימאַט פאַרטיק, און מיטאַמאָל פאַלט זי איין, אָדער אַ סרייפע. דאַרף מען נאָכאַמאָל אָנהייבן; אָבער אַף צולאַכעס וועלן מיר אויפבויען נאָך אַ בעסערע.

איך האָב שטענדיק געטראַכט מיקויעך שטערונגען. אַז איך פאָר מיט אַ שיף, איז אַ שטורעם. אַז איך בין אַן אָנפירער, פאַרשפּיל איך מכילעס, און ערשט לעסאָף קומט ניצאָכן.

וואָרום עס לאַנגווײַליקט, אויב אַלץ געלינגט פון סאַמע אָנהייב אָן.

איז, הייסט עס, באַ דער שול פאַראַן אַ גליטש, פאַראַן פאַרשיידענע בילדלעך, מאַפּעס, מאַכשירים, גימנאַסטיק, אויסגעשטאָפּטע כײַעס.

עס קומען אָן די יאַנטויוויים, און דאָ זאַמלען זיך צונויף פאַר דער שול ייִנגלעך און מיידלעך און שרײַען:

— לאָזט אונדז אַרײַן. מיר ווילן ניט קיין יאָנטויווים, מיר ווילן גיין אין שול.

דער פאָרטיער קריגט זיך מיט זיי, אָבער עס העלפט ניט. און איך זיץ אין קאַנצעלאַריע, ווייס גאָרניט דערפון, וואָרום איך שרײַב פאַרשיי־דענע פּאַפּירן. ביז ס'קומט פּלוצלינג אַרײַן דער פאָרטיער. ער האָט אָנגע־קלאַפּט און איז אַרײַן.

ער קלאַפּט־אָן. איך זאָג:

— ביטע.

און ער זאָגט:

— די קינדער האָבן געמאַכט אַ בונט, זיי ווילן נישט קיין יאָנטעוו.

און איך:

— ס'איז גאָרנישט. איך וועל זיי באַלד באַרויִקן.

איך גיי אַרויס. איך לאַך. איך בייזער מיך נישט. איך גיב צו פאַר־שטיין:

— עס איז יאָנטעוו. די לערערס מוזן זיך אָפּרוען. וואָרום אַז זיי זײַנען פאַרמאַטערט, קריגן זיי זיך און שרײַען אַף די קינדער.

עס בלײַבט: זײ װעלן קומען זיך שפּילן אפן הויף, אָבער אָרדענונג מוזן זײ אַלײן אָפּהיטן.

איך האָב פאַרשידנערלײ געטראַכט, װאָס איך װעל טאָן, װען איך װעל אויפװאַקסן.

טײלמאָל, אַז עס װעט נאָר זײַן דער טאַטע און די מאַמע, און טײלמאָל, אַז איך װעל האָבן אַ װײַב. פירן אַן אײגענע באַלעבאַטישקײט.

עס איז מיר אַ שאָד זיך צו צעשײדן מיט די עלטערן, איז װוינען מיר צוזאַמען, אָפּגעטײלט בלויז מיט אַ דורכגאַנג. אַף אײן זײַט די עלטערן, אַף דער אַנדערער איך און מײַן װײַב. אָדער זאָל זײַן צװײ שטיבלעך אין שכײנעס. װאָרום עלטערע מענטשן האָבן ליב מענוחע. אַז זײ װעלן זיך נאָכמיטאָג צולײגן, זאָלן די קינדער נישט שטערן. װאָרום קינדער לויפן אַרום, טופּען, קלאַפּן, שרײַען, געװאַלדעװען.

דײַגעס האָב איך מיקויעד די קינדער, װאָרום איך װײס נישט, צי כ׳זאָל װעלן בלויז ײִנגלעך, צי אַ מײדעלע אויך. צי איז בעסער, אַז דאָס ײִנגל זאָל זײַן עלטער, צי זי.

דאָס װײַב װאָלט געמעגט זײַן אַזױ װי מײַן מאַמע, און די קינדער — װײס איך אַלײן ניט. צי װיל איך, אַז זײ זאָלן אַרומשטיפן, צי זאָלן זײ זײַן רויִק, און װאָס זײ דערלויבן צו טאָן? נו — אַז זײ זאָלן נישט רירן, װאָס ניט זײערס, זאָלן ניט רײַבערן קײן פּאַפּיראָסן, ניט רײדן קײן מיִעסע רײד, זיך ניט שלאָגן און ניט צופיל קריגן.

און װאָס װעל איך טאָן, אַז זײ װעלן זיך אַרומשלאָגן, ניט װעלן פאָלגן, אָדער עפּעס אַ שאָדן אָנטאָן?

צי זאָלן זײ זײַן גרויס, צי קלײן?

איך טראַכט פאַרשײדן.

אַמאָל װיל איך זײַן גרויס װי מיכאַל, אַמאָל װי דער פעטער, אַמאָל װי דער טאַטע.

טײלמאָל װיל איך זײַן אַ גרויסער אַף טאָמיד, און טײלמאָל בלויז אַף אַ פּרוּװ. װאָרום טאָמער װעט מיר טבילעס זײַן אָנגענעם, און שפּעטער װעל איך װידער װעלן זײַן קלײן?

און איך האָב געטראַכט — געטראַכט, ביז איך בין אַף אַן עמעס אויפגעװאַקסן. איך האָב שוין אַ זײגערל, װאָנצעס, אַ ביורקע מיט שופ־

לעדלעך, אַלץ האָב איך אַזוי ווי דערוואַקסענע. און איך בין אַף אַן עמעס טאַקע אַ לערער. און עס איז מיר נישט גוט.

עס איז מיר נישט גוט.

די קינדער זײַנען נישט אויפמערקזאַם בעיים די לעקציעס, איך מוז מיך טאָמיד בייזערן. איך האָב אַ סאַך קאָלערליי אַגמעס נעפּעשן. דעם טאַטן און די מאַמע האָב איך שוין נישט.

נו גוט.

וועל איך אָנהייבן אַצינד טראַכטן אַף פּאַרקערט.

— וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען איך זאָל אַמאָל ווידער זײַן אַ קינד. נישט אַזוי גאַר אײַנגאָנצן אַ קליינס, אָבער אַז איך זאָל גיין אין שול, זיך ווידער שפּילן מיט די יִינגלעך. אַז איך זאָל אַזוי פּלוצלינג זיך אויפכאַפּן און דערזען:

— וואָס איז געשען? צי כאָלעמט זיך מיר בלויז, צי איז עס אַף אַן עמעס?

איך קוק אַף די הענט און וווּנדער זיך. איך קוק אַף מײַנע מאַלבושים און וווּנדער זיך. איך שפּרינג אַרויס פון בעט, לויף צו צום שפּיגל.

— וואָס איז געשען?

און מיטאַמאָל פרעגט די מאַמע:

— ביסט שוין אויפגעשטאַנען? טו זיך אָן גיך, ווײַל דו וועסט פאַרשפּעטיקן אין שול.

ווען איך זאָל ווידער זײַן אַ קינד, וואָלט איך געוואָלט פאַרגעדענקען, וויסן, קענען אַלצדינג, וואָס איך קען אַצינד. און אַז קיינער זאָל ניט וויסן, אַז איך בין שוין געווען אַ גרויסער. און איך — איך מאַך אַן אָנשטעל, אַז איך בין אַ יִינגל פּונקט ווי אַלע, איך האָב אַ טאַטן און אַ מאַמע און איך גיי מיר אין שול אַרײַן. אַזוי וואָלט געווען צום אינטערעסאַנטסטן, צום בעסטן. איך וואָלט מיך בלויז צוגעקוקט, און עס וואָלט אַזוי קאָמיש געווען, וואָס קיינער דערקענט מיך ניט.

איז ליג איך אַמאָל אין בעט, — שלאָף ניט און טראַכט:

ווען איך זאָל דעמאָלט געווען וויסן, וואָלט איך אײַנגאַנצן ניט גע-

ווען געוואָלט אויפוואַקסן. עס איז הונדערט מאָל בעסער צו זײַן אַ קינד. גרויסע זײַנען אומגליקלעך. עס הייבט זיך גאָרניט אָן, אַז גרויסע קענען טאָן, וואָס זיי ווילן. אונדז איז נאָך ווייניקער דערלויבט, ווי קינדער. מיר האָבן שווערע היסכײַיוועסן. מיר האָבן מער דײַגעס. מיר האָבן זעלטענער פריילעכע מאַכשאָוועס. עמעס טאַקע, מיר וויינען שוין ניט, אָבער עפשער דערפאַר, ווײַל עס לוינט נישט צו וויינען.

מיר זיפצן בלויז שווער.

און איך האָב אָפּגעזיפצט.

איך האָב אָפּגעזיפצט שווער, טיף: אַז עס איז שוין פאַרבײַ, — פאַרפאַלן. קיינער קאָן דאָ נישט העלפן. איך וועל שוין קיינמאָל נישט זײַן קיין קינד. וויפל ס'זאָל נישט זײַן אַ שאָד, וועט שוין גאָרנישט העלפן.

אָבער ווי איך האָב אַזוי אָפּגעזיפצט, איז פּלוצלינג פינצטער געוואָרן, אינגאַנצן פינצטער, איך זע גאָרנישט, בלויז עפּעס אַ רויך, אַזש עס דרייט אין נאָז.

די טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן. איך האָב מיך דערשראָקן. עפּעס אַ קליין פלעמל האָט זיך באַוויזן. אַזוי ווי אַ שטערנדל.

— ווער איז?

און דאָס שטערנדל שווימט דורך דער פינצטער — און וואָס אַמאָל נענטער — צו מיר. אָט איז עס שוין באַם בעט, אַפּן קישן.

איך טו אַ קוק, ס'איז אַ קליין לאָמטערל. און אַפּן קישן שטייט אַ קליין מענטשעלע. און אַפּן קאָפּ האָט ער אַ רויטן הויכן הוט. און אַ גרויע באָרד. הייסט עס, — אַ שרעטעלע. אָבער גאָר־גאָר קליין, ווי אַ פינגער.

— כ'בין דאָ.

ער שמייכלט און וואַרט.

איך האָב אויך געשמייכלט. וואָרום איך האָב געמיינט, אַז דאָס כאָלעמט זיך מיר אַזוי. אַ גרויסן כאָלעמט זיך טיילמאָל אויך אַ קינדערשער כאָלעם, אַז ער כידעשט זיך אַזש: פונוואַנען עס איז געקומען.

און דאָס שרעטעלע זאָגט:

— האָסט מיך גערופן, טאָ בין איך געקומען. וואָס ווילסטו. נאָר גיך.

ער רעדט נישט, נאָר ער צוויטשערט עפּעס, אָבער שטיל, שטילינקע. און איך הער און פאַרשטיי.

— האָסט מיך גערופן, — זאָגט ער — און אַצינד גלייבסטו נישט.

און ער האָט אָנגעהויבן וויגן מיטן לאַמטערל: רעכטס, לינקס, רעכטס, לינקס.

— גלייבסט נישט — זאָגט ער — פאַרצײַיטנס האָבן מענטשן זיך פאַרנומען מיט קישעף. אַצינד גלייבן אין קישעפמאַכערס, אין שרעטעלעך און טרעפּערקעס בלויז קינדער.

ער וויגט דאָס לאַמטערל און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. און איך האָב מוירע אַפילע זיך אַ ריר צו טאָן.

— זאָג עפּעס אַ באַגער. פּרוּוו. וואָס קאָן עס דיך אַרן?

איך האָב אַ ריר געטאָן מיט די ליפּן, קעדיי אים עפּעס צו פרעגן, און ער האָט שוין געטראָפן — ער ווייסט שוין.

— האָסט מיך אַרויסגערופן מיט אַ זיפץ פון בענקשאַפט. מענטשן מיינען, אַז שפּרוכן מוזן דאַווקע זײַן מיט ווערטער. אָבער ניין, ניין, ניין.

ער שאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין. שטעלט זיך איבער פון איין פוס אַפן אַנדערן. אַזוי קאָמיש. און מיטן לאַמטערל אַף רעכטס און אַף לינקס. און איך פיל, אַז איך שלאָף אײַן. איך עפן פונאַנדער ברייט די אויגן, קעדיי נישט אײַנצושלאָפן. וואָרום עס איז מיר אַ שאָד.

נו, זע, — זאָגט דאָס שרעטעלע — זע וואָס פאַר אַן אָקשן דו ביסט. אײַל דיך, וואָרום איך גיי מיר אַוועק. איך טאָר נישט בלײַבן לאַנג. וועסט נאָכדעם כאַראָטע האָבן.

איך וויל שוין אַפילע זאָגן אַ באַגער, אָבער איך קאָן נישט. עפּשער איז שוין אַזוי אַף דער וועלט, אַז ס'איז גרינג צו זאָגן, ווען מען וויל אַזוי זיך, אָבער שווער, אויב מען באַגערט שטאַרק.

איך זע, אַז דאָס שרעטעלע איז פאַרדרײַיגעט. עס איז מיר אַף אים אַ ראַכמאָנעס. אָבער איך קאָן נישט.

— נו, פאַרבלײַב געזונט. אַ שאָד.

און ער גייט אַוועק. און ערשט דעמאָלט האָב איך געזאָגט שטיל און גיך:

— איך וויל ווידער זײַן אַ קינד.

ער איז צוריקגעקומען — האָט זיך עפּעס אַ דריי געטאָן — און מיטן לאָמטערל גלייך אין די אויגן. און ער האָט עפּעס געזאָגט, אָבער איך האָב נישט געהערט. איך ווייס נישט, ווי אַזוי ער איז אַרויס. און ווען איך בין אינדערפרי אויפגעקומען, האָב איך אַלצדינג געדענקט.

איך קוק מיך אַרום נייגעריק איבערן צימער.

ניין, עס האָט זיך מיר גאָרנישט געחלומט.

עס איז עמעס.

# דער ערשטער טאָג

איך זאָג קיינעם גאָרנישט, אַז איך בין שוין געווען אַ גרויסער, איך מאַך אַן אָנשטעל, אַז איך בין שטענדיק געווען אַ קליין יינגל, און איך וואַרט, וואָס דערפון וועט זיין. ס׳איז מיר אַזוי מאָדנע און קאָמיש. איך קוק און וואַרט.

איך וואַרט, די מאַמע זאָל מיר אָפּשניידן ברויט, קלוימערשט אַז אַליין קען איך נישט. די מאַמע פרעגט, צי איך האָב שוין געמאַכט די לעקציעס. איך זאָג, אַז יאָ, אָבער אינדערעמעסן ווייס איך נישט.

אַלצדינג איז ווי אין מייסעלע וועגן דער שלאָפנדיקער באָם-מאַלקע, אַפילו נאָך ערגער. וואָרום די באָם מאַלקע איז געשלאָפן הונדערט יאָר, אָבער אַלע צוזאַמען מיט איר זיינען אויך געשלאָפן און צוזאַמען זיך אויפגעכאַפּט: סיי די קוכערס, סיי די פליגן — די גאַנצע דינערשאַפט, אַפילו דאָס פייער אַפן קוימען. און זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט פונקט אַזוי ווי זיי זיינען געווען. איך אָבער האָב מיך אויפגעכאַפּט אינגאַנצן אַן אַנדערער.

איך האָב אַ קוק געטאָן אַפן זייגער, אָבער איך האָב מיך באַלד אָוועקגעדרייט, קעדיי נישט אַריינצופאַלן. וואָרום עפּשער האָט יענץ יינגל זיך נישט געקענט אַף קיין זייגער?

איך בין נייגיריק ווי ס׳וועט זיין אין שול, וואָסערע כאַווערים כ׳וועל דאָרט טרעפן. צי וועלן זיי עפּעס באַמערקן, צי וועלן זיי מיינען, אַז איך גיי שוין לאַנג אין שול אַריין. מאָדנע, וואָס איך ווייס, אין וועלכער שול איך דאַרף גיין, אַף וועלכער גאַס. איך ווייס אַפילו, אַז אונדזער קלאַס געפינט זיך אַפן ערשטן שטאָק, און איך זיץ אַף דער פערטער באַנק נעבן פענצטער. און נעבן מיר גאַיעווסקי.

איך גיי — איך מאַרשיר. איך מאַך מיט די הענט. איך בין לייכט, אויסגעשלאָפן. גאָר אַנדערש, ווי בעיס איך בין געווען אַ לערער. איך קוק

מיך אַרום אַף אַלע זײַטן. איך האָב אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין אַ בלעכענער שילד. איך ווייס נישט נאָכוואָס איך האָב עס געטאָן. עס איז קאַלט, אַזש אַ פּאַרע גייט פון מויל. איך הויך מיטן מויל, עס זאָל גיין מער פּאַרע. עס פּאַלט מיר אײַן, אַז איך קאָן אַ פּאַיף טאָן ווי אַ לאָקאָמאָטיוו, אַ בלאָז טאָן מיט פּאַרע און לויפן אָנשטאָט גיין. נאָר איך שעם מיך עפּעס. אָבער צוריק געשמועסט — פאַרוואָס? אַף דערויף האָב איך דאָך ווידער געוואָלט ווערן אַ קינד, אַז עס זאָל מיר זײַן פריילעך.

אָבער מיטאַמאָל קאָן מען נישט. מען דאַרף פריער זיך צוקוקן צו אַלצדינג, און ערשט דערנאָך.

עס גייען ייִנגלעך און מיידלעך, עס גייען אויך דערוואַקסענע. איך קוק, ווער ס'איז פריילעכער. די זײַנען רויִק און די זײַנען רויִק. עמעס: אַף דער גאַס קאָנען זיי נישט שטיפן. איבריקנס, זיי האָבן זיך נאָך נישט צערודערט. איך בין עפּעס אַנדערש: ערשט דעם ערשטן טאָג הייב איך אָן צו זײַן אַ קינד, טאָ איז מיר פריילעך.

און עפּעס מאָדנע. גלײַך ווי איך וואָלט מיך פאַר עפּעס געשעמט.

— ס'איז גאָרנישט. דעם ערשטן טאָג מוז אַזוי זײַן. דערנאָך וועל איך מיך צוגעוווינען.

מיטאַמאָל האָב איך דערזען אַ גרויסן וואָגן. און דאָס פערד קאָן זיך קיין אייצע נישט געבן. האַפאָנעס שלעכט געקאָוועט, וואָרום די פיס גליטשן זיך אים. עטלעכע ייִנגלעך שטייען און קוקן. האָב איך מיך אויך אָפּגעשטעלט.

— ער וועט רירן פון אָרט, צי נישט?

איך רײַב-אײַן די אויערן, טופּע מיט די פיס, וואָרום ס'איז מיר קאַלט; כ'וויל שוין, אַז דאָס פערד זאָל רירן פון אָרט, אַז עס זאָל אַ סאָף נעמען. און ס'איז מיר אַ שאָד אַוועקצוגיין, ביז איך וועל נישט זען. וואָרום ס'איז דאָך אַ טשיקאַווע זאַך: עפּשער וועט דאָס פערד אומפּאַלן, און ווי אַזוי וועט דער פורמאַן זיך אָן אייצע געבן? ווען איך זאָל זײַן אַ גרויסער, וואָלט איך פאַרבײַגעגאַנגען גלײַכגילטיק, איך וואָלט עס זיכער גאָרנישט באַמערקט. אָבער אַזוי ווי איך בין אַ ייִנגל, איז דאָס פאַר מיר טשעקאַווע.

איך קוק, ווי די דערוואַקסענע שאַרן אונדז נאָר ראַק אָפּ פון וועג, ווײַל מיר שטערן זיי. וואָס אײַלן זיי זיך אַזוי?

נו, ס׳איז גאָרנישט געשען. דער וואָגן האָט ענדלעך געריהרט פון אָרט, און איך קום אין שול אַרײַן. איך הענג־אויף דעם פּאַלטאָ און גיי אַרײַן אין מײַן קלאַס. און דאָרט רעדט מען שוין, אַז די ווײַסל האָט זיך געשטעלט.

— הײַנט באַנאַכט.

איינער זאָגט, אַז ס׳איז נישט עמעס. מען קריגט זיך. דאָס הייסט, נישט מען קריגט זיך, נאָר מען שפּאַרט זיך.

איינער זאָגט:

— קוקט אים נאָר אָן. דער ערשטער פּראָסט, און שוין האָט זיך אים די ווײַסל געשטעלט. קריעס עפּשער שווימען יאָ.

— זיי שווימען שוין דאָווקע נישט.

— עעע, דרייט אַ קאָפּ.

נאָך עטלעכע זײַנען צוגעקומען. גרויסע וואָלטן אוודאי געזאָגט, אַז זיי קריגן זיך. וואָרום ס׳איז דאָך אַזוי; דער זאָגט: „ביסט אַ נאַר", יענער זאָגט: „לעקיש". פון דער ווײַסל איז מען אריבערגעגאַנגען אויף שניי. צי וועט יאָ זײַן, צי נישט? אָט, אַז דער רויך פון קוימען גייט גלײַך ארויף אינדערהייך, וועט נישט זײַן קיין שניי. און אָט, אַז לויט די פייגל קאָן מען דערקענען, צי ס׳וועט זײַן אַ שניי. איינער זאָגט, אַז ער האָט געזען דעם באַראָמעטער.

און ווידער:

— ביסט אַ נאַר.

— דערפאַר ביסטו קלוג.

— זאָגסט אַ ליגן.

— עפּשער זאָגסטו אַ ליגן?

נישט אַלע באַטייליקן זיך אין דער קריגערײַ. וואָרום אַנדערע שטייען און ריידן גאָרנישט, הערן זיך בלויז צו.

איך הער מיך אויך צו און דערמאָן מיך, אַז די גרויסע אין קאַפע־הויז קריגן זיך אויך אָפט — נישט וועגן שניי, נאָר וועגן פּאָליטיק. פּונקט אַזוי. זיי זאָגן אַפילו פּונקט אַזוי:

— לאָמיר זיך געוועטן, אַז דער פּרעזידענט וועט נישט אָנעמען די דימיסיע.

און דאָ:

— לאָמיר זיך געוועטן, אַז ס'וועט נישט זײַן קיין שניי. זיי זאָגן נישט: „נאַר — זאָגסט ליגן" — זיי שפּאַרן זיך איידל, אָבער ס'איז אויך אַ טומל.

אָבער ווי איך שטיי מיר אַזוי, לויפט צו קאָוואַלסקי:

— דו, הער נאַר, האָסט אָנגעשריבן די אויפגאַבעס? באָרג מיר, וועל איך מיר איבערשרײַבן. נעכטן זײַנען בײַ אונדז געווען געסט. עפּשער וועט די לערערן קאָנטראָלירן.

איך זאָג גאָרנישט: איך צעעפן די טעקע און קוק, וואָס דאָרט אין העפט טוט זיך. גלײַך ווי עס וואָלט נישט געווען מײַנס, נאָר עפּעס אַן אַנדער יינגלס, וואָס האָט נעכטן געמאַכט פאַר מיר די לעקציע.

און דערווײַל קלינגט דאָס גלעקל. ער וואַרט נישט, איך זאָל אים דער־לויבן, נאָר כאַפּט אַליין און לויפט צו זײַן באַנק. און מיר פאַלט אײַן, אַז אויב ער וועט איבערשרײַבן פּינקטלעך, קאָן די לערערן דעריקענען און מיי־נען, אַז דאָס האָב איך איבערגעשריבן. זי קאָן מיך נאָך שטעלן אין ווינקל.

עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן קאָמיש, אַז איך וועל שטיין אין ווינקל.

און ווישניעווסקי פרעגט מיך:

—וואָס לאַכסטו?

— איך האָב מיך עפּעס דערמאָנט, — זאָג איך און לאַך ווײַטער.

און ער:

— מעשוגענער. לאַכט, און ווייסט אַליין נישט פון וואָס.

זאָג איך:

— יאָ מעשוגע — נישט מעשוגע. עפּשער וויים איך, פון וואָס איך לאַך, נאָר כ'וויל דיר נישט זאָגן.

און ער:

— האָ — האָ, וואָס פאַר אַ סוידעם דו האָסט.

און ער איז אַוועק אַ באַליידיקטער.

איך וווּנדער מיך, וואָס כ'ווייס, ווי אַזוי זיי הייסן: איך זע דאָך זיי צום ערשטן מאָל, און זיי מיך אויך. פּונקט ווי אין כאָלעם.

דערווײַל קומט אַרײַן די לערערן, און קאָוואַלסקי האָט דעם העפט נישט אָפּגעגעבן. איך רוף שטיל: „קאָוואַלסקי — קאָוואַלסקי", אָבער ער הערט נישט, אָדער ער מאַכט זיך נישט הערנדיק. און די לערערן זאָגט:

— וואָס דרייסטו זיך? זיץ רויִק.

איך טראַכט מיר: „נו, אַט האָב איך מיר שוין פאַרדינט די ערשטע באַמערקונג אין שול פון דער לערערן".

און איך זיץ אומרויִק, וואָרום איך האָב נישט דעם העפט. איך האָב מיך באַהאַלטן הינטער דעם, וואָס זיצט פאַר מיר און וואַרט, וואָס עס וועט זײַן.

איך האָב מוירע. עס איז מיר אומאָנגענעם מוירע צו האָבן. ווען כ'זאָל זײַן אַ גרויסער, וואָלט איך נישט מוירע געהאַט. קיינער וואָלט פון מיר נישט איבערגעשריבן קיין אויפגאַבעס. אָבער אַזוי ווי איך בין אַ שי־לער און אַ כאַווער האָט געבעטן, האָב איך דאָך נישט געקאָנט אָפּזאָגן. וואָרום באַלד וואָלט ער געזאָגט, אַז אַ שלעכטער, אַן עגאָיִסט. ער וואָלט געזאָגט: אַ „כיטרער", אַז איך וויל, די לערערן זאָל נאָר מיך ליבן, וואָס איך האָב גוט אָנגעשריבן די אויפגאַבעס.

איך וועל מיסטאָמע זיך לערנען בעסער פאַר אַלע, וואָרום איך האָב שוין איינמאָל געענדיקט די שול. איך האָב אַביסל פאַרגעסן, אָבער עפּעס אַנדערש איז זיך צוריק דערמאָנען, און עפּעס אַנדערש לערנען אַלצדינג אָפּסנײַ.

די לערערן דערקלערט גראַמאַטיק, און איך קען שוין פון לאַנג. די לערערן הייסט אונדז שרײַבן, איך טו אַ שרײַב־אָן איינס און צוויי. איך זיץ. די לערערן באַמערקט, אַז איך זיץ ליידיק און פרעגט:

— און דו פאַרוואָס שרײַבסט נישט?

איך ענטפער:

— איך האָב שוין אָנגעשריבן, לערערן.

— ווײַז נאָר, וואָס דו האָסט דאָרט אָנגעשריבן, — זאָגט די לערערן אַביסל ווי אומגעדולדיק.

איך האָב אויך נישט ליב געהאַט, ווען איך פלעג אויפגעבן אַף אַ גאַנצע שאָ און די שילער האָבן אָנגעשריבן שנעלער. וואָרום דער לערער גיט־אויף די לעקציע און וויל האָבן מענוכע ביז צום קלונג, און זיי אײַלן זיך, און דערנאָך הייבן זיי אָן צו שמועסן.

אַלזאָ גיי איך צו צו דער לערערן און ווײַז.

— יאָ, גוט, אָבער איין גרײַז האָסטו געמאַכט.

— וווּ? פרעג איך קלוימערשט פאַרוווּנדערט.

איך האָב בעקיוון געמאַכט אַ גרײַז, קעדיי די לערערן זאָל זיך נישט מעשאַער זײַן, אַז איך האָב שוין אַמאָל געענדיקט די שול.

די לערערן זאָגט:

— זוך אַליין, ווו דער גרײַז געפינט זיך. ווען דו זאָלסט דיך נישט געווען אַזוי אײַלן, וואָלסטו געקאָנט אָנשרײַבן אינגאַנצן גוט.

איך גיי צוריק אַף מײַן אָרט און זוך קלוימערשט. איך מאַך אַן אָנשטעל, אַז איך בין זייער פאַרנומען. איך וועל מוזן מאַכן די לעקציע פּאַמעלעך, אָבער נאָר אין אָנהייב. דערנאָך, ווען איך וועל שוין זײַן דער בעסטער שילער אין קלאַס, וועלן די לערערס זיך צוגעוווינען, אַז איך בין אַ פּעיִקער.

אָבער עס הייבט מיר אָן צו ווערן לאַנגווײַליק. און די לערערן פרעגט:

— האָסט געפונען דעם פעלער?

איך זאָג:

— איך האָב געפונען.

— טאָ ווײַז אַהער.

די לערערן זאָגט: „יאָ". און עס קלינגט דאָס גלעקל.

אַז דאָס גלעקל קלינגט, הייבט זיך אָן די האַפּסאַקע. דאָס הייסט אַ פּויזע. דער דיזשורנע טרײַבט אַרויס פון קלאַס און עפנט די פענצטער.

וואָס וועל איך דאָ טאָן? עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן מעשונעדיק, אַז איך דאַרף אַרומלויפן מיט די יִינגלעך. אָבער איך פּרוּוו, אַזוי ווי אַנדערע.

עס איז אָנגענעם, פרייליך.

אָ, אָנגענעם.

ווי לאַנג איך בין שוין נישט אַרומגעלאָפן.

ווען איך בין געווען יונג, האָב איך געקאָנט נישט אַרומיאָגן זיך, אָבער לויפן צום טראַמווײַ אָדער צו דער באַן. טיילמאָל האָב איך געשטיפט מיט די קינדער בײַ באַקאַנטע. קלוימערשט וויל איך כאַפּן, זיי אַנטלויפן — נו יאָ: ווען איך בין געווען יונג. — שפּעטער פלעג איך מיך שוין נישט אײַלן צום טראַמווײַ. אַ דײַגע, — איז אַוועק איין טראַמווײַ, וועל איך צוּוואַרטן אַף אַ צווייטן. און אויב איך יאָג נאָך אַ קינד אין שפּאַס, איז עס בלויז עטלעכע טריט, און דערנאָך טופּע איך אַף איין אָרט. קעדיי איבערצושרעקן. און דאָס קינד אַנטלויפט און קוקט זיך ערשט אום

פונדערוויַיטנס. אָדער עס לויפט אַרום און אַרום און מאַכט אַ גרויסן קריַיז, און איך דריי מיך אַף אַן אָרט און מאַך אַן אָנשטעל, אַז איך לאָז מיך לויפן. — דאָס קינד טראַכט, אַז ווען איך זאָל וועלן, וואָלט איך געכאַפּט, וויַיל איך בין אַ גרויסער. און איך קען נישט. וואָרום קויעך האָב איך, אָבער דאָס האַרץ הייבט מיר אָן באַלד צו קלאַפּן און עס פאַרפעלט מיר אָטעם. — יאָ, און אַף די טרעפּ פלעג איך שוין פּאַמעלעך אַרויפגיין, און אויב עס איז געווען הייך, האָב איך אָפּגערוט אַפן וועג.

און אַצינד.

איך פיל, אַז די לופט סווישטשעט מיר אַזש און שלאָגט אין פּאָנעם. כ׳בין פאַרשוויצט געוואָרן, אָבער ס׳איז גאָרנישט. ס׳איז אָנגענעם, פרייַלעך.

איך בין אַזש אונטערגעשפּרונגען פאַר פרייד און אויסגעשריגן:

אַ אַ אַ, עס איז אָנגענעם צו זיַין אַ קינד!

איך האָב מיך באַלד דערשראָקן און אַרומגעקוקט, צי עס האָט נישט עמעצער געהערט; וואָרום ער וואָלט געקאָנט טראַכטן, אַז אויב איך פריי מיך אַזוי, בין איך עפּשער נישט טאָמיד געווען אַ קינד.

איך פיל, אַז אַלצדינג שווינדלט מיר פאַר די אויגן. איך וועל אַיַינגעמאַטערט, דאָס איז עמעס. אָבער עס גענוגט זיך אָפּצושטעלן אַ רעגע, אָפּאָטעמען אַ פּאָר מאָל — און איך קאָן שוין ווידער, שוין אָפּגערוט — וויַיטער!

עס איז גוט אַזוי, וואָס איך לויף ווידער אַרום, נישט אַזוי: טשאָפּ — טשאָפּ — טריט בא טריט.

אָ, גוט שרעטעלע ווי דאַנקבאַר איך בין דיר.

וואָרום פאַר אונדז לויפן איז ווי רײַטן אַף אַ פערד, אין גאַלאָפּ, „מיטן ווינט אין אַ געוועט״. מען וווייסט גאָרנישט, מען טראַכט נישט, מען געדענקט נישט, מען זעט אפילע נישט — מען פילט בלויז לעבן, אַ סאַך לעבן. מען פילט, אַז עס איז פאַראַן לופט אין זיך און אַרום.

איך יאָג, איך אַנטלויף — אַלציינס, גיכער.

איך בין געפאַלן. איך האָב מיר צעקלאַפּט אַ קני. איך האָב דערפילט אַ ווייטיק. און עס האָט זיך דערהערט דאָס גלעקל.

אַ שאָד. כאָטש נאָך אַביסעלע. כאָטש נאָך אַ מינוטקעלע.

— ווער וועט גיכער: דו, צי איך?

דער פּוס טוט שוין נישט ווײ. דער ווינט שלאָגט ווידער אין די אויגן, אין פּאָנעם, אין די קונגען. איך קויף ווידער אָן אַ אָטעם, קעדיי צו זײַן דער ערשטער. איך יאָג פלינק אַריבער די ייִנגלעך, כ'בין גוווער די שטרויכלונגען. צו דער שוועל — אַ כאַפּ דעם אָנלען און אַרויף איבער די שטיגן. איך קוק מיך נישט אום, אָבער איך פיל, אַז איך בין שוין ווײַט פאָרויס. איך זיג.

און מיטן גאַנצן אימפּעט אין שמאָלן קאָרידאָר — באַץ אַרויף אפן דירעקטאָר. — ער איז שיר נישט אומגעפאַלן.

איך האָב געזען, אַז דער דירעקטאָר שטייט, אָבער איך האָב שוין נישט באַוויזן זיך צו פאַרהאַלטן, פּונקט אַזוי, ווי אַ מאַשיניסט, אַ שאָ־פער אָדער אַ מאָטאָרמאַן. אין דער רעגע האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען באַשולדיקט זיי אומגערעכט. אַ צופאַל, אַן אומגליק, אָבער נישט — שולד. עפּשער האָב איך טאַקע אָנגעוווירן די פלינקייט? גאָט מײַנער, אַזוי פיל יאָרן, אַזוי פיל יאָרן.

איך האָב מיך געקאָנט אַרײַנשטופּן צווישן די אַנדערע ייִנגלעך, וואָ־רום אַלע זײַנען געלאָפן. אָבער איך בין דאָך ערשט דעם ערשטן טאָג ווידער אַ שילער.

בין איך דעריבער געבליבן שטיין ווי אַ נאַר. איך האָב אַפילע נישט געזאָגט: „אַנטשולדיקט".

און דער דירעקטאָר האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָלנער און גענו־מען טרייסלען, אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר אַזש געבאָמבלט. און בייז ווי אַ רוצח.

— ווי הייסטו, דו מאַזיק?

איך ציטער פאַר שרעק. דאָס האַרץ קלאַפּט, איך קאָן קיין וואָרט נישט אַרויסריידן. ער ווייסט דאָך, אַז נישט בעקיוון, וואָלט ער דאָך באַדאַרפט שענקען. צוריקגעשמועסט אָבער — אַזאַ שטופּ טאָן דעם די־רעקטאָר. ער האָט זיך דאָך געקאָנט איבערקערן, צעקלאַפּן. איך וויל עפּעס זאָגן, אָבער איך ציטער אינגאַנצן, און די צונג איז מיר פאַרשטײַפט געוואָרן. און דער דירעקטאָר האָט מיך ווידער אַ טרייסל געטאָן און שרײַט:

— דו וועסט מיר ענטפערן, צי ניין? איך פרעג דיך, ווי הייסטו?

און דאָ אַרום האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ רעדל. און זיי קוקן. און מיר איז אַזש אַ בושע, וואָס עס איז אַן אָנגעלויף. פּונקט איז די לערערן

אָנגעקומען און אַרײַנגעטריבן אין קלאַס. איך בין געבליבן אַלײן. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַ פאַרברעכער.

— קום אין קאַנצעלאַריע.

איך זאָג שטיל:

— זאָל דער הער דירעקטאָר דערלויבן, איך זאָל מיך פאַרענטפערן.

און דער דירעקטאָר:

— וואָס וועסטו מיר דערצײלן מײַסעס. אַז איך האָב געפרעגט דעם נאָמען, פאַרוואָס האָסטו נישט באַלד געענטפערט?

איך:

— ווײַל איך האָב מיך געשעמט, וואָס אַלע שטײען און קוקן.

— און לויפן ווי אַ צעדולטער, דאָס שעמסטו זיך נישט? קום מאָרגן מיט דער מאַמען.

איך האָב אָנגעהויבן װײנען. די טרערן לויפן אַלײן ווי באָב. און די נאָז ווערט באַלד פֿײַכט.

דער דירעקטאָר האָט אַ קוק געטאָן, עס איז אים אַפּאָנעם געוואָרן אַ ראַכמאָנעס:

— נו, זעסטו, — האָט ער געזאָגט, — ס׳איז נישט גוט צופיל צו שטיפן, ווײַל דערנאָך ווײנט מען.

ווען איך זאָל אַצינד איבערבעטן, זע איך, וואָלט ער מויכל געווען. אָבער איך שעם מיך צו בעטן. איך וויל שוין זאָגן: „זאָל מיך דער הער דירעקטאָר אַנדערש באַשטראָפן, ווײַל צו וואָס אָנטאָן דער מאַמען אַגמעס נעפעש". אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז כ׳קאָן נישט, און די טרערן שטערן.

— נו, גײ אין קלאַס אַרײַן, וואָרום די לעקציע האָט זיך אָנגעהויבן.

איך האָב מיך פאַרנײגט. איך גײ: ווידער קוקן אַלע. און די לערערן קוקט. און מאַרילסקי טוט מיר פון הינטן אַ צופּ:

— נו וואָס?

איך ענטפער נישט, און ער ווידער:

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

כ׳בין בײז, וואָס מישט ער זיך, וואָס איז דאָס זײַן אײסעק?

די לערערן זאָגט:

— מאַרילסקי, איך בעט נישט שמועסן.

די לערערן ווײַזט אויס האָט אויך געוואָלט, ער זאָל מיך צורו לאָזן. די לערערן זעט, אַז איך האָב אַנמאָס נעפעש, איז האָט זי אַ גאַנצע שאָ גאָרנישט געפרעגט.

און איך זיץ און טראַכט. איך האָב אַ סאַך צו טראַכטן. איך זיץ. איך הער נישט, איך ווייס נישט, וועגן וואָס מען רעדט. און גראָד איז דאָס אַריפמעטיק. זיי גייען צו צום טאָוול, שרײַבן, מעקן אָפּ. די לערערן האָט גענומען אַ שטיקל קרײַד, זאָגט עפּעס, גיט צו פאַרשטיין. איך בין ערגער ווי אַ טויבער. וואָרום איך הער גאָרנישט און איך זע גאָרנישט, און איך מאַך אַפילע נישט קיין אָנשטעל, אַז איך ווייס. די לערערן האָט גלײַך געקאָנט דערקענען, אַז איך בין נישט אויפמערקזאַם. זי מוז זײַן אַ גוטע, וואָרום אַן אַנדערע וואָלט דאַווקע אַף צולאַכעס מיך אַ רוף געטאָן. אַצינד פאַרשטיי איך שוין, אַז בײַ קינדער, אויב עס טרעפט עפּעס אַ צאָרע, טשעפּעט זיך שווין פון אַלע זײַטן. מען פאַרלירט באַלד דעם גלויבן אין זיך. און זײַן וואָלט דאָך באַדאַרפט אַזוי, אַז ווען איינער שרײַט־אָן, זאָל דער אַנדערער לויבן, צוגעבן כיישעק, טרייסטן. און צי דאַרף מען שרײַען? וואָס ווייס איך: עפּשער דאַרף מען, עפּשער נישט.

און ווי אַזוי האָב איך געטאָן, ווען איך בין געווען אַ לערער? פאַר־שידן. — איז הייסט עס: איך בין פּלוצלינג אַרויפגעפאַלן אפן דירעקטאָר, און ער האָט פּלוצלינג מיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאַרק. וואָס דען האָט ער געזאָלט טאָן? ער האָט זיך צעבייזערט, דערנאָך זיך באַרויִקט. האָט ער מיר מויכל געווען?

ער האָט געזאָגט:

— גיי אין קלאַס אַרײַן.

און איך ווייס נישט, צי דאַרף איך מאָרגן קומען מיט דער מאַמען, צי נישט?

און איך טראַכט מיר אַזוי:

— קוים עטלעכע שאָ, ווי איך בין אַ קינד און וויפל איך האָב שוין איבערגעלעבט. צוויי מאָל האָב איך שוין געהאַט שרעק: איינמאָל, וואָס ער האָט מיר צוגענומען דעם העפט, — ס'איז געווען אומאָנגענעם; דאָס אַנדערע מאָל — מיטן דירעקטאָר. און עס האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. און איך ווייס אַליין נישט, וואָס צו טאָן.

איך בין אויסגעשטאַנען אַזויפֿיל בושע, בעיס מען האָט מיך אַזוי ווי עפּעס אַ גאַנעוו געהאַלטן פֿאַרן קאָלנער. אַ דערוואַקסענעם וועט דאָך קײנער נישט כאַפּן, נישט טרײסלען, אויב ער וועט אומגערן אַ שטיס טאָן. עמעס, אַז דערוואַקסענע גײען פּאָרזיכטיק, אָבער עס טרעפֿט זיך.

נו, און קינדער מעגן דאָך לױפֿן. און אויב זײ מעגן, טאָ וועט דאַרף זײַן פּאָרזיכטיקער: איך, אַ קלײן יינגל, צי אַ דערפֿאַרענער פּעדאַגאָג?

מאָדנע, וואָס דאָס איז מיר קײנמאָל נישט אײַנגעפֿאַלן, ווען איך בין געווען אַ גרויסער.

קוים עטלעכע שאָ ווי איך בין אַ קינד און שוין די ערשטע טרערן. מאַקע נישט לאַנג, אָבער איך האָב געווײנט. און איצט אַפֿילע, כאָטש איך האָב טרוקענע אויגן, אָבער אין האַרץ האָב איך אַזויפֿיל ווײטיק.

און עס נעמט נאָך נישט קײן סאָף. איך בין דאָך געפֿאַלן. האָב איך אַראָפּגערוקט דעם זאָק, איך טו אַ קוק: די הויט אױף דער קני איז אָפּגעריבן — עס גײט נישט קײן בלוט, אָבער עס טוט ווײ. עס טוט אַפֿילע נישט ווײ, נאָר עס מאַטערט. פֿריער האָב איך נישט געפֿילט, נאָר איצינד, ווען איך זיץ רויִק און האָב אָנמאָס נעפּעש...

ערשט צוויי שאָ ווי איך בין אַ שילער, האָט מיר שוין די לערערן געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז איך זאָל מיך נישט דרײען און זיצן רויִק. און וואָס וואָלט געווען, ווען זי זאָל וויסן, אַז איך האָב אויך געלאָזט איבערשרײַבן די אויפֿגאַבעס? וואָס וואָלט געווען, ווען די לערערן וואָלט איצינד אַ זאָג געטאָן:

— כאַזער איבער.

איך בין נישט אויפֿמערקזאַם. יאָ, איך בין נישט אויפֿמערקזאַם. און אין קלאַס דאַרף מען נישט בלויז זיצן רויִק, נאָר מען דאַרף הערן, וויסן, וואָס עס טוט זיך.

איז אָט בין איך אַן אָפּנאַרער, אַ צעטראָגענער, אַ נישט אויפֿמערקזאַמער, און אַלץ בלויז דערפֿאַר, ווײַל איך בין ווידער אַ קינד. — איז אויב אַזוי, וואָלט עפּשער גלײַכער געווען צו בלײַבן אַ גרויסער?

און איך האָב דערפֿילט אַ ראַכמאָנעס אױפֿן פֿערד, וואָס האָט נישט געקאָנט שלעפּן דעם וואָגן, ווײַל עס איז געווען שלעכט אונטערגעשמידט, און דער וואָגן איז געווען שווער, און די פֿיס האָבן זיך אים געגליטשט אױפֿן אײַז.

איך האָב אַ מינוט געטראַכט וועגן פערד און באַלד זיך צוריקגעקערט צו מײַן זאַך:

— צי איז מיר בעסער געווען, ווען איך בין געווען אַ גרויסער? עפשער וועט דער דירעקטאָר מיר שענקען; דורכן קאָרידאָר וועל איך שוין גיין פּאָרזיכטיק. עפשער וועט באַנאַכט טאַקע אָנפאַלן אַ שניי? און איך בענק אַזוי נאָכן שניי, גלײַך ווי ער זאָל זײַן מײַנער אַ לײַבלעכער ברודער.

איך קוק גראָד אַרויס דורכן פענצטער, און אַ כמאַרע האָט פאַר־שטעלט די זון. איך געדענק נישט, צי זיי האָבן זיך געוועט, אַז ס'וועט פאַלן אַ שניי. און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אין אַמעריקע האָבן דערוואַקסענע מענטשן אויך אַ טעווע אַף אַלצדינג זיך צו וועטן.

עפשער איז טאַקע גאָרנישט אַזאַ גרויסער כילעק פון קינדער צו דער־וואַקסענע, זיי לעבן בלויז אַנדערש און האָבן אַנדערע רעכט.

און דורכן פענצטער זע איך די כמאַרע גרעסער ווערן, זי איז שוואַרץ. און עס איז מיר אײַנגעפאַלן:

— אַ קינד איז אַזוי ווי פרילינג, אָדער זון, אויסגעלײַטערט און באַלד זייער פרייליך און שיין; אָדער פּלוצלינג אַ שטורעם, עס בליצט, עס דונערט און אַ דונער טוט אַ טראַסק. און אַ דערוואַקסענער — אַזוי ווי אין אַ נעפּל. אַ טרויעריקער נעפּל רינגלט אים אַרום. נישט קיין גרוי־סע פרייד, נישט קיין גרויסער טרויער. גרוי און ערנסט. וואָרום איך גע־דענק דאָך. אונדזער פרייד און טרויער פליט ווי אַ שטורעמווינט, און זייערע ציט זיך בלויז. איך געדענק דאָך.

מיר איז געפעלן דער דאָזיקער פאַרגלײַך. יאָ, ווען איך זאָל זיך אָפילע ווידער קענען בײַטן, וואָלט איך געוואָלט נאָכאַמאָל פרוּוון.

און עס איז מיר געוואָרן אַזוי שטיל, אָנגענעם. אַזוי שטיל, ווי בעיס מען גייט פאַרנאַכט אַרויס אין פעלד, און אַ ווינטל גלעט צערטלעך אי־בערן פּנעם, גלײַך ווי עס וואָלט עמעצער די האַנט צוגערירט. און אַפן הימל לײַכטן שטערן. און אַלץ שלאָפט. און מען פילט בלויז דעם רייעך פון פעלד און וואַלד.

די דאָזיקע שאָ איז מיר שנעל פאַרבײַגעלאָפן. אויב איך וועל ווידער זײַן אַ לערער, וועל איך קיינמאָל נישט אָפּרײַסן קיין שילער פון זײַנע מאַכשאָוועס, בעיס ער איז פאַרדײַנגעט. זאָל ער טראַכטן, זאָל ער זיך באַ־רויִקן, זאָל ער זיך אָפּרוען.

איך האָב אַזש איינגעאָנצן אַ ציטער געטאָן, ווען דאָס גלעקל האָט אַ קלונג געטאָן.

און באַלד האָט מען זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו מיר:

— פאַרוואָס האָסטו געוויינט? וואָס האָט דער דירעקטאָר געזאָגט?

די דערוואַקסענע זאָגן, מען זאָל זיך נישט שלאָגן. זיי מיינען, אַז מיר שלאָגן זיך פאַר פאַרגעניגן. יאָ, פאַראַן שטאַרקע אַוואַנטורניקעס, וואָס זוכן זיך צו פאַרטשעפּען מיט אַ שוואַכן. מיר דרייען זיך אַוועק, טרעטן אָפּ, מײַדן אויס. אָבער דאָס פאַרשטאַרקט נאָך זייער כוצפּע. ווען די מאָס ווערט פול, מוזן מיר זיי סאָף קאָל סאָף אָנלערנען. צום גליק איז נישט פאַראַן קיין סאַך אַזעלכע. זיי זײַנען אונדזער סאַם, אונדזער קלאָלע און עס איז לעכערלעך, וואָס די דערוואַקסענע באַשולדיקן אַלע צוליב זיי. — דערוואַקסענע ווייסן נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ קאָכלעפל אָדער אַ צוטשעפּעניש, וואָס קאָן דעם רויִקסטן דערפירן צו ווילדקייט און פאַר־צווייפלונג. נו יאָ — איך האָב אַנמאָס געפּעש. עס קאָן דאָך יעדער אַליין פאַרשטיין, וואָס דער דירעקטאָר האָט מיר געקאָנט זאָגן, ווען איך האָב אים שיר נישט אומגעוואָרפן. צו וואָס פרעגן:

— וואָס? ווי?

און ווען דאָס זאָל זײַן איינער. ניין. טשעפּעסט זיך אָפּ פון איינעם, קומט אונטער אַ צווייטער: און ווידער אַפסנײַ. זיי זעען דאָך, אַז איך וויל נישט ריידן. איינער, וואָס איך בין מיט אים נישט באַקאַנט, איך רעד קימאַט קיינמאָל נישט מיט אים — און ער אויך:

— ביסט אַרויסגעפאַלן אַפן דירעקטאָר. ער האָט דיר אַוואַדע געהייסן קומען מיט דער מאַמען?

זיי לאָזן גאָרנישט אַ מענטש זײַן טרויעריק. זיי ווען אַזוי לאַנג קריכן, ביז דער טרויעריקער וועט ווערן בייז.

דעם ערשטן ענטפער איך רויִק. דעם צווייטן אומגעדולדיק:

— גיי אַוועק.

דעם דריטן:

— טשעפּע זיך אָפּ.

דעם פערטן שטופּ איך אָפּ.

אָצינד קומט־צו ווישניעווסקי. שוין אינדערפרי האָט ער מיך אָנ-

גערופן באהאלטענער און מעשוגענער. אצינד וויל ער, איך זאל אים ענט־פערן.

— נו וואס? וואס האסטו געוויינט? ער האט דיך גוט אנגעזידלט? האסט באדארפט ענטפערן, אז מ׳האט דיך געשטופט.

— אויב דו ווילסט, זאג אליין ליגן, — ענטפער איך.

און באלד האב איך כאראטע געהאט.

— אאא, וואס פאר אן עמעס־זאגער. קוקט נאר, יינגלעך, געפונען אן עמעסן.

איך וויל אוועקגיין, פארהאלט ער מיך.

— ווארט, וואס איילסטו דיך אזוי?

ער לאזט נישט אפ, — ער גייט פון דער זייט און שטורכעט.

האב איך גענומען און אוועקגעשטופט. און ער נאך מער:

— דו שטופ זיך נאר נישט אזוי, ווארום ס׳איז נישט דיין שול. ער מיינט, ווייל די לערערן האט אים געליבט, אז ער האט געמאכט איין פעלער, מעג ער זיך שוין צעשפרייטן.

טכילעס האב איך אפילע נישט געוווסט, וואס ער פלאפלט. דערנאך ערשט האב איך פארשטאנען.

איך וויל שוין גיין צו דער טיר, און ער לאזט נישט:

— קליין קינדעלע — זאגט ער. — זיך צעוויינט ס׳פיצעלע. זיך צעכליפעט ס׳מיידעלע.

און מיט דער ברודיקער לאפע וויל ער מיר א גלעט טאן איבערן פאנעם.

איך האב מיך שוין א ריס געטאן. נאר ער איז שטארק, דער וויש־ניעווסקי. אבער איך בין שוין אזוי בייז געווען, אז ס׳איז מיר געווען אלציינס: וואס עס וועט זיין, וועט זיין. ווען ס׳וואלט געווארן א געשלעג, וואלט ער אויך געקריגן.

און איך טראכט מיר, וואס וואלט דער דירעקטאר געזאגט, ווען ער זאל צופעליק פארבייגיין און זען. פארשטייט זיך, אז איך בין שולדיק. איך האב דאך מיך שוין איינמאל צעבריקעוועט, — און אצינד ווידער. ער וועט מיך שוין געדענקען. זאל נאר עפעס געשען, וועט ער באלד מיך כוישעד זיין.

ווארום איך בין א שאלטיק:

— איך קען דיך שוין. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל באַ דיר.

ווען איך בין געווען לערער, פֿלעג איך דאָך אויך אַזוי זאָגן.

אָבער צום גליק קומט די לערערן אַרײַן אין קלאַס צו קאָנטראָלירן, אויב די יינגלעך זײַנען אַרויס אינדרויסן.

— גייט אַרויס, יינגלעך. אַביסל אַרומלויפֿן.

און ער, דער אומפֿאַרשעמטער, פֿאַרמאַסערט נאָך:

— לערערן, איך האָב געוואָלט אַרויסגיין, נאָר ער לאָזט מיך נישט.

איך האָב דערפֿילט צו אים אַזאַ עקל, נאָר אַ שפּײַ צו טאָן.

— נו, גייט שוין, גייט.

ער האָט אַ פֿינטל געטאָן מיטן אויג, דאָס מויל עפּעס ווי אויסגעקרומט און ווי אַ לעץ, ברייט צעשפּרײַזנדיק די פֿיס, איז ער אַרויסגעגאַנגען, און איך נאָך אים.

אָפֿן הויף בין איך שוין נישט אַרויס, איך וואַרט בלויז, אַז די פּויזע זאָל זיך ענדיקן.

עס קומט צו מונדעק. קוקט אַ ווײַלע — און שטיל:

— ווילסט נישט אַרויסגיין זיך שפּילן?

איך זאָג:

— ניין.

ער איז געבליבן שטיין, געקוקט, צי איך וויל מיט אים ריידן.

אָט דער איז עפּעס אַנדערש; איך זאָג אים: אַזוי און אַזוי.

— כ'ווייס נישט, צי ער האָט מיר געשענקט.

ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט:

— דו דאַרפֿסט איבערפֿרעגן. אין קאָס האָט ער געזאָגט אַזוי. גיי אַרײַן אין קאַנצעלאַריע — ער האָט אוודאי פֿאַרגעסן.

דערנאָך איז געווען די לעקציע פֿון צייכענען.

די לערערן זאָגט, אַז יעדער זאָל צייכענען, וואָס ער וויל: עפּעס אַ בלאַט, אָדער אַ ווינטער־לאַנדשאַפֿט, אָדער וואָס ער וויל.

איך נעם די בלײַפֿעדער: וואָס זאָל איך דאָ צייכענען?

איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געלערנט. ווען כ'בין געווען גרויס, האָב איך אויך נישט אַזוי שטאַרק געקענט. ביכלאַל זײַנען אין מײַנע צײַטן נישט געווען קיין גוטע שולן. עס איז געווען שטרענג און לאַנגווײַליק. מען האָט קיין זאַך נישט דערלויבט. עס איז געווען פֿרעמד,

קאלט און שטיקנדיק, אזוי, אז ווען זי פלעגט זיך מיר שפעטער כאלע־מען, האב איך מיך טאמיד אויפגעכאפט א דערשוויצטער און מיך שטענ־דיק געפילט גליקלעך, וואס עס איז א כאלעם, נישט אף אן עמעס.

— האסט נאך נישט אנגעהויבן? — פרעגט די לערערן.

— איך טראכט, ווי אנצוהייבן.

און די לערערן פון צייכענען האט העלע האר און א ליבן שמייכל. זי האט מיר א קוק געטאן אין די אויגן און געזאגט:

— נו, טראכט, עפשער וועסטו אויסטראכטן עפעס א שיינע זאך.

און איך ווייס אליין נישט פארוואס, נאר איך האב א זאג געטאן:

— איך וועל אויסמאלן א שול, ווי ס'איז געווען אמאל.

און פונוואנען ווייסטו, ווי זי איז געווען?

— דער טאטע האט מיר געזאגט.

איך האב דאך געמוזט זאגן א ליגן.

— גוט — זאגט די לערערן, — דאס וועט זיין זייער אינטערע־סאנט.

איך טראכט:

— עס וועט געראטן, צי עס וועט נישט געראטן? די יינגלעך זיי־נען דאך אויך נישט קיין גרויסע מאלערס.

איך צייכן אומגעשיקט — אבער גארנישט. העכסטנס וועט מען לאכן. זאל מען לאכן.

פאראן בילדער, וואס באשטייען פון דריי: איינס אינמיטן, און צוויי בא די זייטן. יעדעס איז אן אנדערס, אבער צוזאמען א גאנצקייט. טריפ־טיק הייסט אזא בילד.

איך האב איינגעטיילט א זייטל אף דריי טיילן. אינמיטן האב איך אויסגעמאלט א פויזע. ווי די יינגלעך לויפן ארום, און איינער האט עפעס אפגעטאן, ווארום דער לערער ציט אים בא אן אויער, און דאס יינגל וויל זיך ארויסרייסן און וויינט. דער לערער אבער האלט אים באם אויער און קלאפט אים מיט עפעס א מין שפיצרוט איבער די פלייצעס. דאס יינגל האט אויפגעהויבן א פוס אינדערהויך, פונקט ווי ער זאל הענ־גען אין דער לופטן. און די אנדערע ארום קוקן; זיי האבן ארויפגעלאזט די קעפ, זאגן גארנישט, ווייל זיי האבן מוירע.

דאס איז געווען אינמיטן. רעכטס האב איך אויסגעמאלט א קלאס:

ווי אַ לערער שלאָגט מיט דער ליניע איבער דער האַנט. בלויז איינער אַ
כניפּעניק אין דער ערשטער באַנק לאַכט, און די איבריקע איז אַ ראַכ־
מאָנעס.

און לינקס גיט מען שוין עמעצע שמיץ. — אַ ייִנגל ליגט אַף דער
באַנק, דער פּאַרטיער האַלט אים בײַ די פיס. און דער לערער פון קאַ־
ליגראַפיע, מיט אַ באָרד, האַלט אויפגעהויבן די האַנט אינדערהייך און
שמײַסט. — דעם גרונט האָב איך געמאַכט אַזוי כמורנע, פינצטער ווי אַ
טפיסע־בילד.

אינדערהייך האָב איך אויפגעשריבן: „טריפּטיק — די אַמאָליקע
שול”.

ווען איך בין אַלט געווען אַכט יאָר, בין איך געגאַנגען אין דער דאָ־
זיקער שול. דאָס איז געווען מײַן ערשטע אָנפאַנג־שול — זי האָט גע־
הייסן: צוגרייטונג־שול.

איך געדענק, אַ ייִנגל האָט דעמאָלט געקריגן שמיץ. דער לערער
פון קאַליגראַפיע האָט אים געשמיסן. איך געדענק נאָר נישט, צי דער
לערער האָט געהייסן קאָך און דער שילער נאָוואַצקי, צי דער שילער
קאָך און דער לערער נאָוואַצקי.

איך האָב דעמאָלט שרעקלעך מוירע געהאַט. אַזוי ווי עס וואָלט
זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ווען מען וועט ענדיקן מיט אים, קאָן מען מיך
כאַפּן. און איך האָב מיך שטאַרק געשעמט, וואָרום מען האָט אים גע־
שמיסן אַפן נאַקעטן לײַב. מען האָט אים אַלצדינג אַפּגעקנעפּלט, און
פאַר דעם גאַנצן קלאַס, אָנשטאָט קאַליגראַפיע.

איך האָב מיך דערנאָך געמיעסט פון ייִנגל און פון לערער. און
דערנאָך, ווען עמעצער האָט זיך נאָר געקריגט, אָדער געשריגן, האָב איך
באַלד געמיינט, אַז מען וועט אים שמײַסן.

דער דאָזיקער קאָך, צי נאָוואַצקי, איז נישט געווען אָנשטענדיק. ווען
ער איז געווען אָרדנער, האָט ער אָנשטאָט אײַננעצן די שוואָם אונטערן
פלומפ, גענומען און אַף איר אַרויפגעמאַכט. דערנאָך זיך נאָך באַרימט,
אַלעמען דערציילט.

דער לערער קומט אַרײַן, הייסט אָפּווישן דעם טאָוול, וואָרום ער איז
געווען פאַרשמירט. קיינער וויל נישט. איז ער אין קאָס געוואָרן און אַליין
גענומען די שוואָם. און כ׳ווייס נישט, צי מען האָט אָנגעהויבן לאַכן, צי

וואָס, געווג אַז מען האָט אויסגעזאָגט. און דערפאַר האָט ער באַקומען שמיץ.

איך בין דעמאָלט געווען גאָר קליין און ערשט נישט לאַנג געגאַנגען אין דער שול. אָבער איך זע דאָס דײַטלעך, ווי עס זאָל געווען זײַן ערשט נעכטן. און איך פיל אַזוי אַלצדינג. און איך צייכן, אַז די בלײַפעדער לויפט אַליין. עס איז מיר אַזש אַ כידעש.

די קעפּלעך פון די שילער קומען אַרויס קליין, אָבער איך באַמי מיך, אַז יעדער זאָל זײַן אַנדערש, אַז מען זאָל דערקענען די האָוויַע אַף די פּעניממער. און אַז יעדער זאָל זײַן אַנדערש: איינער אָנגעלענט, איינער שטייענדיק. זיך אַליין האָב איך אויך אָנגעמאָלט, אָבער נישט אין דער ערשטער ריי.

איך צייכן, אָבער די אויערן פלאַמען; עס איז מיר אַזוי הייס, גלײַך ווי כ'וואָלט געלאָפן.

איך האָב געצייכנט מיט באַגײַסטערונג.

איך בין שוין איינמאָל געווען אַ דערוואַקסענער, דעריבער ווייס איך, וואָס עס הייסט באַגײַסטערונג. מיצקעוויטש האָט אין באַגײַסטערונג אָנגעשריבן אַן אימפּראָוויזאַציע. די נעווייִם האָבן נעווייִעס געזאָגט אין באַגײַסטערונג.

באַגײַסטערונג — עס איז, בעיס אַ שווערע אַרבעט ווערט פּלוצלינג לײַכט. און עס איז דעמאָלט שטאַרק אָנגענעם צו צייכענען, אָדער שרײַבן, אָדער בלויז אויסשנײַדן צייכענונגען, צי מײַסטערווערק. אַלצדינג געלינגט דעמאָלט, און מען ווייסט אַפילע נישט, וויאַזוי עס ווערט געמאַכט. אַזוי ווי פון זיך אַליין, אַזוי ווי עמעצער וואָלט פאַר מיר געטאָן, און איך קוק בלויז. און ווען איך ענדיק, כידעש איך מיך, גלײַך ווי עס זאָל נישט זײַן מײַן אַרבעט. און איך בין מיד, אָבער צופרידן, וואָס עס איז מיר געראָטן.

און ווען איך בין אין באַגײַסטערונג, ווייס איך גאָרנישט, וואָס אַרום מיר טוט זיך.

מיר דאַכט זיך, אַז קינדער אַרבעטן אָפט מיט באַגײַסטערונג, נאָר מען שטערט זיי.

לעמאָשל, דו דערציילסט עפּעס, אָדער לייענסט, אָדער שרײַבסט. און עס קומט אַרויס גוט. אָדער דו האָסט גלײַך אַפן אָרט פאַרשטאַנען די אויפ־

גאבע. עס קאָן אפילו זײַן עפּעס אַ פעלער, אָבער ס׳איז נישט קיין פעלער, אָדער גאָר אַ קלײנער. און מיטאַמאָל רײַסט מען דיר איבער, מען הייסט פאַריכטן, איבערכאַזערן, מען גיט נאָך עפּעס צו, מען דערקלערט. און מיטאַמאָל ווערט אַלצדינג פאַרפאַלן. דו ביסט בייז, און דו האָסט שוין נישט קיין כיישעק, און עס וועט דיר שוין נישט געראָטן.

באַגײַסטערונג — דאָס איז ווי אַ שמועס פון אַ מענטש מיט גאָט. און קיינער טאָר זיך דאָ נישט אַרײַנמישן. וואָרום דעמאָלט מוז איך זײַן אַליין, קעדיי נישט צו זען, נישט צו הערן.

אַצינד איז גראָד אַזוי געווען. די לערערן שטייט הינטער מיר, קוקט ווי איך צייכן, און איך טו מיר מײַנס. איך פאַריכט בלויז. איך גיב בלויז צו אַ שטריכעלע, אַ פּינטעלע, און עס קומט אַרויס וואָס אַמאָל בעסער.

די לערערן האָט געמוזט שטיין לאַנג, נאָר איך האָב נישט געוווסט.

דערנאָך קוק איך פונוויַטנס און גיב ווידער עפּעס צו, אָבער וואָס אַמאָל פּאַרזיכטיקער. וואָרום מען קאָן קאַליע מאַכן פון צופיל פאַריכטן.

— און איך בין מיד. און איך דערפיל פּלוצלינג. — איך הייב אויף דעם קאָפּ, און די לערערן שמייכלט און לייגט מיר צו די האַנט צו דער באַק.

איך קאָן נישט לײַדן, אַז עמעצער גלעט מיך, אָדער רירט זיך צו. נאָר אַצינד איז דער לערערנס האַנט געווען קיל און ווייך. און איך האָב אַ שמייכל געטאָן.

און די לערערן פרעגט:

— פונוואַנען ווייסטו, אַז דאָס איז אַ טריפּטיק?

— איך ווייס. איך האָב געזען אַף אַ בילדל, אַף אַ קאַרטל, אין קלויסטער.

איך פאַרפּלאָנטער מיך און ווער נאָך מער רויט. דאַן פרעגט די לע־רערן:

— מען קען?

איך דערלאַנג דעם העפט און זאָג:

— ביטע.

די לערערן קוקט אַף די אַלטע צייכענונגען און אַף אָט דעם לעצטן. ווישניעווסקי איז אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן באַנק און שטעקט אויך אַרײַן זײַן נאָז און זאָגט:

— טריפּטיק.

איך האָב מוירע געהאַט, אַז די לערערן וועט אָנהייבן ווייזן און לויבן, אַז ס'איז גוט. זי דאַרף דאָך פאַרשטיין, אַז צווישן אַזאַ אוילעם וועט זיך טאָמיד געפינען אַ באַל־קינע, אָדער אַ לעץ, און דערנאָך וועט ער דערקוי־טשען, כוויזעק מאַכן. און די לערערן האָט דאָס פאַרשטאַנען, ווארום זי האָט ווישניעוווסקין געהייסן צוריקגיין אַף זיין אָרט, און מיר האָט זי בלויז געזאָגט:

— נו, רו דיך אַצינד אָפּ.

זי האָט פאַרמאַכט דעם העפט און אים פאָרזיכטיק אַנידערגעלייגט אַף דער באַנק נעבן מיר.

פאָרזיכטיק און גלייך.

איך האָב באַלד אַ טראַכט געטאָן, אַז ווען איך וואָלט ווידער געווען אַ לערער, וואָלט איך נישט אַ וואָרף געטאָן די העפטן אַף דער באַנק, איך וואָלט נישט פאַרשטראָכן מיט אַ גראָבן שטריך, אַז די טינט זאָל זיך אַזש צעשפּריצן, אויב עפּעס איז שלעכט אָנגעשריבן. איך וואָלט אַוועקגעלייגט פּונקט אַזוי פאָרזיכטיק און גלייך ווי די לערערן.

איך האָב אָפּגערוט נישט לאַנג, ווארום די לעקציע האָט זיך געענ־דיקט. און איך דאַרף גיין אין קאַנצעלאַריע. אָבער דער דירעקטאָר שטייט באַ דער טיר, האָב איך מיך דעריבער אָפּגעשטעלט. איך וואַרט באַ דער זייט און ווייס נישט, וואָס צו זאָגן. אָט ווידער קומט צו דער פּאָרטיער.

איך האָב שוין צוויי מאָל אָנגעהויבן:

„הער דירעקטאָר", אָבער איך ווייס, אַז דער דירעקטאָר הערט נישט, ווייל איך האָב אַרויסגערעדט שטיל. עס איז שרעקלעך אומאָנגענעם, אויב מען מוז עפּעס זאָגן, און מען שעמט זיך צו ריידן.

זיי שמועסן דאָרט עפּעס וועגן זייערע זאַכן, און איך ווייס נישט, הער נישט. אָבער דער דירעקטאָר ווענדט זיך צו מיר:

— גיי אין דער זעקסטער אָפּטיילונג און זע, צי דאָרט איז דאָ אַ גלאָבוס. נאָר גיך אַף איין פוס.

און דערנאָך האָט ער אַף מיר אַ קוק געטאָן און זיך דערמאָנט, וואָ־רום ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אָבער פאַל איבערן וועג נאָר נישט אַרויף אַף עמעצן.

איך בין געלאָפן צו דער זעקסטער אָפּטיילונג, און די יינגלעך:

— צי אָפּ. צו וואָס ביסטו אַהער פאַרקראָכן?

— צי געפינט זיך דאָ אַ גלאָבוס?

— וואָס האָט זיך דיר פאַרגלוסט?

און אַ ייִנגל שטופּט מיך אַרויס. איך אײַל מיך, און ער שטופּט. איך האָב מיך אַ ריס געטאָן און זאָג:

— דער הער דירעקטאָר פרעגט. — און אַן אַנדער ייִנגל הערט נישט און שרײַט:

ביסט נאָך דאָ? טראָג דיך אָפּ, ראָצער, קאַלומאַן ביסט גאַנץ.

איך ווייס שוין אַליין נישט, וואָס צו טאָן. איך שרײַ ווידער:

— דער הער דירעקטאָר...

— וואָס דער הער דירעקטאָר?

— פרעגט, צי דאָ איז פאַראַן אַ גלאָבוס?

— ס'איז דאָ גאָרנישט פאַראַן, — הערסט?

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט איבערן קאָפּ און פאַרמאַכט די טיר אונטער דער נאָז.

איך גיי צוריק, אָבער מיט וואָס ווייס איך נישט.

איך זאָג:

— זיי זאָגן, אַז ס'איז נישטאָ.

צום גליק טראָגט שוין גראָד אַ שילער אַ גלאָבוס. ער בייזערט זיך, אַז מען וועט ווידער צעברעכן. עס איז נישט מעגלעך צו ריידן מיטן דירעקטאָר, אָבער איך וויל נישט אָפּלייגן. איך האָב דעריבער אין פאַרצווייפלונג אַ צי געטאָן די לערערן פאַר אַן אַרבל. נישט אַ צי געטאָן, נאָר לײַכט אָנגערירט און שטיל געזאָגט:

— לערערן.

די לערערן האָט באַלד דערהערט. זי איז אָפּגעגאַנגען מיט מיר עטלעכע טריט, זיך אָנגעבויגן:

— וואָס ווילסטו?

און איך שוין גאָר שטיל:

— זאָל די לערערן בעטן דעם דירעקטאָר, ער זאָל נישט רופן די מאַמע.

איך האָב אַזוי שטיל גערעדט, ווי אין אויער אַרײַן. וואָרום עס איז אומבאַקוועם צו זײַן קליין. מען מוז קעסיידער אַרויפרײַסן דעם קאָפּ אינדערהייך. אַלצדינג ווערט אָפּגעטאָן ערגעץ הייך, איבער דיר. מען פילט

זיך עפּעס ווי וויניקער וויכטיק, דערנידעריקט, עפּעס שוואַך און פאַר־לוירן. עפשער האָבן מיר דערפאַר ליב צו שטיין באַ דערוואַקסענע, בעיס זיי זיצן: דעמאָלט קענען מיר זיי קוקן אין די אויגן אַרייַן.

— פאַרוואָס האָט דער דירעקטאָר אַרויסגערופן דייַן מאַמע?

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר איך שעם מיך צו זאָגן. עס איז פריק־רע צו דערציילן אַזאַ נאַרישקייט. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און די לערערן האָט זיך נאָך מער אייַנגעבויגן.

— אַז איך ווייס נישט, קאָן איך דאָך נישט בעטן. איך מוז וויסן. האָסט שטאַרק אַרומגעשטיפּט?

איך זאָג:

— ניין.

וואָרום איך ווייס אַליין נישט, צי דאָס איז וויכטיק.

— נו, זאָג.

עפשער דערציילן מיר דערפאַר אַזוי אומגערן פאַר דערוואַקסענע, ווייַל זיי אייַלן זיך טאָמיד, ווען מיר ריידן מיט זיי. עס דאַכט זיך שטענ־דיק, אַז עס גייט זיי גאָרנישט אָן, אַז זיי זאָגן עפּעס, נאָר גלאַט אַזוי, יוצא צו זייַן, אַבי זיך גיכער אָפּצופּאַטערן. נו, אַוואַדע: זיי האָבן זייערע וויכ־טיקע איניאָנים, און מיר אונדזערע. און מיר באַמיען זיך אויך צו ריידן קורץ, קעדיי זיי נישט צופיל צו פאַרדרייען די קעפּ. אַז קלוימערשט איז אונדזער זאַך נישט וויכטיק, און זאָלן זיי בלויז זאָגן: יאָ, צי ניין.

— ווייַל ווען איך בין געלאָפן דורכן קאָרידאָר, בין איך אַרויפגע־פאַלן אַפן דירעקטאָר.

— האָסט אים אַ קלאַפּ געטאָן?

— ניין, בלויז מיט דער האַנט זיך אָנגעשפאַרט אָן זייַן פוזע.

— אָן בויך, האָט די לערערן אויסגעבעסערט.

און זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

און אין איין רגע איז שוין געווען דערליידיקט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „אַ דאַנק" און גיי מיר צוריק אין קלאַס. איך האָב מיך אַפילע נישט פאַרנייגט. דאָס איז אַוואַדע געווען אומהעפלעך. מיילע, אַ דייַגע. אַבי שוין זיצן אַף דער באַנק, אַז דאָס אַלצדינג זאָל שוין זייַן געענדיקט.

און אַף דער לעצטער לעקציע האָט דער לערער געלייענט ווענ די עסקימאָסן. אַז אַ האַלב יאָר דויערט באַ זיי דער ווינטער, און הייַזער

מאַכן זיי פון שנײ. די דאָזיקע בײַדלעך הייסן „איגלאָ״. — מען קען אין זיי אַנלײגן אַ פײַער, אָבער עס מוז זײַן קאַלט, וואָרום עס קאָן צעשמאָלצן ווערן.

ווען איך בין געווען גרויס, האָב איך אויך געוווּסט וועגן די עסקי־מאָסן, עפּשער נאָך מער. אָבער זיי זײַנען מיך נישט אָנגעגאַנגען. איך האָב אַפּילע נישט געטראַכט, צי זיי זײַנען בעעמעס פאַראַן. אַצינד איז גאָר אַנדערש. עס איז מיר אַף זיי אַ ראַכמאָנעס.

אָט האַלט איך קלוימערשט די אויגן אָפן, איך קוק אַפן לערער, אָבער איך זע אײַזפעלדער — קיין זאַך, נאָר אײַז און שנײ. דערנאָך פאַלט־צו די נאַכט. אַ ווינט, פינצטער, בלויז טײלמאָל זעט מען דעם מאָרגנשטערן. איך פיל אין זיך פראָסט און בענקשאַפט. אָרימע עסקימאָסן. זיי האָבן אַ קאַלט לעבן. וואָרום באַ אונדז דער אָרימסטער אַפּילע וואַרעמט זיך אויך אָן באַ דער זון.

עס איז אַזוי שטיל געווען, ווען דער לערער האָט געלײענט. פון הינטן האָט עמעצער בלויז איין מאָל עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן, שטילינקע — דער לערער האָט אַף אים אַפּילע נישט אַ קוק געטאָן, וואָס ער שמועסט. מיר אָבער האָבן זיך באַלד געטאָן אַ דריי־אום. אויב עס איז געווען אַ נאַר, וועלכן דאָס האָט נישט אינטערעסירט, וואָלט ער זיך נישט דערוועגט צו שטערן. זאָל ער נאָר פּרוּוון, עס וואָלט אים מער נישט גע־פעלט.

אַלע האַלטן אָנגעשטעלט די אויגן אַפן לערער, אומבאַוועגלעך, מיט אַן אויג אַפּילע נישט אַ פינטל. זיי זעען אַוואַדע, פונקט אַזוי ווי איך, — פעלדער פון אײביקן אײַז.

אַ שאָד, וואָס פאַר דעם צייכענען איז נישט געווען געאָגראַפּיע. איך וואָלט געווען בעסער געצייכנט. איך וואָלט געווען ריכטיקער געצייכנט די ייִנגלעכס אויגן. כאָטש דעמאָלט, ווען מען האָט געגעבן שמיץ, האָבן זיי אַנדערש געקוקט. אַצינד האָבן זיי פאַרכאָלעמטע אויגן, און דעמאָלט — צעשראָקענע.

איך נעם אַרויס דעם צייכענונגען־העפט, איך באַקוק מײַן טריפּטיק און איך הער־אויף אויפמערקזאַם צו זײַן. עס האָט מיך מיד געמאַכט דאָס ראַכמאָנעס צו די אָרימע עסקימאָסן.

גוט, וואָס איך בין ווידער קליין. און גוט, וואָס איך בין נישט קיין

עסקימאָס, אָדער אַ כינעזער. וויפל קינדער פייניקן זיך אויף דער וועלט. ציי־גיינערישע, כינעזער, נעגער. די וועלט איז מאָדנע געמאַכט. וואָרום צו וואָס ווערט ער געבוירן אַ נעגער, און דערצו: קליין, דערנאָך אַ דערוואַקסענער און אַן אַלטער. דערנאָך נעמט ער און שטאַרבט. ער מוז שטאַרבן.

און אָט ווערט פּלוצלינג אַ טומל אין קלאַס. וואָס איז געשען? אַלע ריידן. איך האָב מיך ערשט מעשאַער געוועזן, וועגן וואָס דער לערער האָט געלייענט, ווען איך האָב נישט געהערט, ווען איך האָב אויפגעהערט צו זיין אויפמערקזאַם. — דער לערער האָט געמוזט לייענען ווי אַזוי מען מאַכט יאַגד אויף פּאָקעס, אויף מאַרסעס.

יעדער שטעלט אַ פראַגע. איינער וויל וויסן דאָס, אַן אַנדערער יענץ. זיי לויפן אַזש אַרויס פון די בענק. און דער לערער זאָגט, אַז זיי זאָלן זיך זעצן, אַז עס איז אַ געשריי און ער וועט גאָרנישט זאָגן, ביז עס וועט נישט ווערן רויק. אָבער זיי קענען זיך נישט באַרויקן, וואָרום יעדער וויל וויסן, וויל אַלצדינג וויסן גענוי.

— צי די עסקימאָסן עסן נישט קיין ברויט? פאַרוואָס פאָרן זיי נישט, ווו עס איז וואַרעמער? צי קאָן מען נישט אויפשטעלן פאַר זיי קיין הייזער פון ציגל? צי אַ מאָרס איז שטאַרקער פון אַ לייב? צי אַן עסקימאָס קאָן פאַרפרוירן ווערן אויף טויט, ווען ער פאַרבלאָנדזשעט? צי זיינען דאָרט דאָ וועלף? צי זיי קענען לייענען? צי זיינען נישט פאַראַן צווישן זיי קיין מענטשנפרעסער? צי זיי האָבן ליב ווייסע? צי זיי האָבן אַ קעניג? פון וואַנען נעמען זיי טשוועקעס צו שליטנס?

איינער דערציילט, ווי אַזוי זיין זיידע איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן ווינטערצייט אין פעלד. אַן אַנדערער וועגן וועלף. יעדער שרייט, אַז די אַנדערע זאָלן זיין שטיל, ווייל ער וויל זאָגן עפּעס אַ וויכטיקע זאַך, אָדער עפּעס פרעגן.

אויב אַ מענטש אינטערעסירט ווייניק עפּעס אַ זאַך, קאָן ער צו־וואַרטן. און זיי אינטערעסירן די עסקימאָסן זייער. זיי אַליין האָבן ערשט מיט אַ רעגע צוריק ווי געוווינט העט ווייט אפן פּאָל, איז ווילן זיי אַצינד וויסן, וויאַזוי עס לעבן זייערע נאָענטע, באַקאַנטע, קרויווים, וואָס זיי־נען דאָרט געבליבן און עס איז זיי דאָרט אַזוי שלעכט, — און זיי ווילן זיי העלפן.

ווען מען פלעגט אמאל פארשיקן קיין סיביר פאליטישע ארעסטירטע, איז אויב עמעצער איז פון דארט צוריקגעקומען, האבן אויך פארשיידע־נע מאמעס, שוועסטערס און קאלעס זיך נאכגעפרעגט, ווי אזוי מען לעבט דארט. וואס זיי טוען, אויב און ווען זיי וועלן צוריקומען. ווארום פון א בריוו קאן מען קנאפ־וואס זיך דערוויסן.

דאס זעלבע פון א ביכל. דער לערער דארף נאכאמאל אליין דער־ציילן אלצדינג, וואס ער ווייסט, וועגן פאקעס, שניי, צאפן־הירשן, פאלאר־ליכט. און אפילע איבערכאזערן נאכאמאל. ווארום פון גרויס געריכטקייט האט מען נישט אלצדינג געהערט.

פאר דעם לערער איז דאס די פערטע לעקציע, די פערטע שא ארבעט אין דער שול, אבער פארן קלאס — יעדיעס פון א ווײַטער מעדינע וועגן טײַערע נאענטע מענטשן. דער לערער איז פארמאטערט און מיר אויך, אבער אנדערש. און אט שאפט זיך אן אומגעדולדיקייט. ער האט שוין גענוג, מיר ווילן נאך.

דער לערער איז שוין קימאט אין קאס. ער דראט, אז פאר א שטראף וועט ער שוין קיינמאל גארנישט פארלייענען.

— קיינמאל!

עס איז שטיל געווארן אף א רעגע, האגאם מען גלייבט נישט. ווען ער זאל געווען זאגן: א וואך, אבער — קיינמאל. און עפעס א שווטע הייבט אן צו לעצעווען.

— עעע, דער לערער וועט נישט זײַן אזוי שלעכט, זאגט ער. — זיי זײַנען נאריש, וואס זיי טומלען, אבער זיי זײַנען גוטע יינגלעך.

קלוימערשט וויל ער פארענטפערן, אבער מען זעט גלײַך, אז ער וויל דעם לערער ארויסברענגען פון געדולד, אז עס זאל זײַן אן אוואנטורע, אז דער לערער זאל אנהייבן שרײַען. אומעטום געפינט זיך שוין אזא איינער. אדער עס אינטערעסירט אים קיין זאך נישט, איז קאן ער דעריבער אפילע נישט לײַדן, אז עס מאכט זיך אן אינטערעסאנטע לעקציע, ווארום ער מוז דאך זײַן שטיל, ווײַל אלע הערן זיך צו; אדער ער וועט אף צולאכעס שטערן, ווײַל עס איז אים גראד אין דער מינוט עפעס נישט געפעלן גע־ווארן.

דער לערער קוקט שוין, ווען ער ארויסצוווארפן הינטער דער טיר, ער האט שוין א קוק געטאן אפן זייגער, ווארום ער וויל, אז עס זאל זיך

ענדיקן. און עס ווערט אומאָנגענעם. און דעם לערער אַליין איז אַפּילע אַ שאָד, וואָרום ער ווייסט, אַז מען האָט זיך צוגעהערט. איז האָט ער זיך איינגעהאַלטן, קלוימערשט אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

— נו, דו דאָרטן, וואָס האָסטו דיך אַזוי צעדאַרשנט, כּאַזער־איבער, וועגן וואָס איך האָב געלייענט.

און עס הייבט זיך אָן אַ געוויינלעכע לעקציע, ווען דער לערער פרעגט, און דער קלאַס בעקעט, מעקעט, ענטפערט שלעכט. און דער לערער מיינט, אַז מיר קענען נישט, אַז מיר זײַנען נאַרישע קינדער.

ווען איך בין געווען אַ גרויסער, וואָס מער אַ זאַך האָט מיך אינטע־רעסירט, אַלץ בעסער האָב איך געקאָנט ריידן. און בײַ קינדער איז עפּשער אַנדערש. אויב עפּעס אינטערעסירט זיי גאָר שטאַרק, איז זיי דאַווקע דער־פאַר שווער צו ריידן, ווען זיי זאָלן אַפּילע וויסן. ווי זיי זאָלן זיך שעמען, אַז זיי וועלן זאָגן נישט אַזוי, ווי מען דאַרף. וואָרום עס איז פריקרע, וואָס אין שול דאַרף מען ריידן אַף אַ געלערנטן שטייגער, אַף צו באַקומען אַ צענזור, אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע, און נישט ווי מען פילט אַף אַן עמעס.

די לעקציע האָט זיך געענדיקט לאַנגווײַליק, ערשט בעיים דער פּויזע האָבן מיר גערעדט וועגן די עסקימאָסן אַף אַן עמעס. — איינער געדענקט דאָס בעסער, אַן אַנדערער אַנדערע זאַכן. און מען קריגט זיך:

— דער לערער האָט געלייענט אַזוי.

— נישט עמעס.

— האָסטו אַוואַדע געכאַפּט פליגן, ווען מען האָט געלייענט.

— האָסט אַליין געכאַפּט פליגן.

מען רופט איידעס.

— נישט עמעס, אַז דער לערער האָט געלייענט, אַז מען מאַכט פענצטער פון אײַז?

— נישט עמעס, אַז אַ פאָקע איז אַ פיש?

— נו גוט. וועלן מיר פרעגן דעם לערער.

מיסטאָמע איז מיט אַלע אַזוי ווי מיט מיר. זיך פאַרטראַכט אַף עפּעס אַן אָרט, דערנאָך שוין נישט געקאָנט דעריאָגן. איז דעריבער געדענקט יע־דער עפּעס אַנדערש. און בלויז דער גאַנצער קלאַס ווייסט בעעמעס אַלצ־דינג. דערנאָך שפּילט מען זיך אין עסקימאָסן, ערגעץ אַף די שטיגן, אָדער אַפן הויף דערציילט מען אַזעלכע, וואָס זײַנען נישט געווען אַף דער לעק־

ציע, מען לייגט־צו פון קאָפּ אויסגעטראַכטע זאַכן, עס זאָל אַרויסקומען אינטערעסאַנטער.

צוריק אַהיים בין איך געגאַנגען מיט מונדעקן.

די גאַס ווײַזט זיך מיר איצט אויס זייער אינטערעסאַנט. אַלץ איז אינטערעסאַנט. די טראַמווײַען, דער הונט, דער פֿאַרבײַגייענדיקער זעלנער, די קראָמען און די שילדן איבער די קראָמען. אַלץ איז ווידער נײַ, אומבאַקאַנט, ווי פֿריש אָנגעמאָלט. אומבאַקאַנט איז עס נישט, וואָרום איך קען דעם טראַמווײַ, אָבער איך וויל וויסן, צי ער האָט אַ גראַד־נומער, צי נישט.

— לאָמיר טרעפֿן, צי דער ערשטער טראַמווײַ וועט האָבן אַ גראַד־נומער, צי נישט, צי קלענער פֿון הונדערט, אָדער גרעסער.

שוין אַ נײַע שפּיל.

אַ זעלנער; איז דאַרף מען זען, צי ער האָט אַ בענדל, צי ניין, פֿון אינפֿאַנטעריע, צי אַרטילעריע.

אַ מעכאַניק מײַסטערווועט עפּעס אין אַ טעלעפֿאָן־בײַדל, אַרבעטער רייניקן דעם שטאָט־קאַנאַל. — שטעלט מען זיך באַלד אָפּ, וואָרום עפּשער וועט זײַן אינטערעסאַנט.

וועגן אַלצדינג קומען נײַע געדאַנקען אין קאָפּ אַרײַן.

און הינט האָט מען געזען אַ סאַך. אָבער אָט יענער האָט אַ לעק געטאָן מיט דער צונג די נאָז — איז באַלד:

— הינט דאַרפֿן נישט קיין נאָז־טיכלעך, ווײַל זיי לעקן זי אָפּ מיט דער צונג; און מענטשן טוען נאָר אַ צי מיט דער נאָז. און מען באַקומט ביישעק צו פּרוּוון.

איך וויל דערלאַנגען מיט דער צונג צו דער נאָז, און מונדעק גיט מיר אַן אייצע:

— בייג־אָן די נאָז מיטן פֿינגער.

איך זאָג:

— מיטן פֿינגער איז נישט קיין קונץ.

און ער:

— נו, פּרוּוו.

גייט פֿאַרבײַ אַ פֿרוי און זאָגט:

— נאַרישע קינדער, די צינגער אַרויסגעשטעקט.

מיר האָבן זיך פאַרשעמט, ווײַל מיר האָבן גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מענטשן גייען פאַרבײַ און קוקן.

ווען די דאָזיקע פרוי זאָל געווען וויסן, וועגן וואָס מיר שמועסן, וואָלט זי זיך נישט געבידעשט, וואָרום דאָס איז געווען אַ פּרוּוו, ווי שטאַרק נייטיק מענטשן דאַרפן נאָז־טיכלעך, צי הינט האָבן אַ סאַך לענגערע צינ־גער און ווי אַזוי אַ מענטש גיט זיך אַן אייצע אָן דער נאָז. מיר האָבן גע־וואָלט פעסטשטעלן, און ווען עמעצער האָט נישט געהערט דעם שמועס, דאַכט זיך אים, אַז עס איז נאַריש.

ווען איך בין נאָך געווען אַ גרויסער, האָב איך מיך אַמאָל געאײַלט צום צוג. און דאָ טוט אַ ווינט מיט שטויב אַ יאָג גלײַך אין די אויגן. איך ווייס נישט, צי האַלטן דאָס רענצל, צי דעם הוט, צי פאַרשטעלן די אויגן. איך בין בייז און איך אײַל מיך, קעדיי נישט צו פאַרשפעטיקן, וואָרום מען דאַרף נאָך קויפן אַ בילעט, און עפּשער איז אַ גרויסער אוילעם בײַ דער קאַסע.

און מיטאַמאָל לויפן הינטער מיר יינגלעך — דרײַ זײַנען זיי געווען. זיי לאַכן, וואָס דער ווינט שטופּט זיי. זיי האָבן דאַרט אויך עפּעס גערעדט צווישן זיך. און איינער פאַרפּלאָנטערט זיך מיר אונטער די פיס. איך האָב מיך געוואָלט אָפּרוקן, האָט ער זיך פאַרטשעפּעט באַם רענצל. איך האָב אַף אים אָנגעשריען, אַז ער מאַכט מעשוגענע שטיק, אַז ער שטערט מענ־טשן. נו. יאָ, אָבער אויך איך האָב אים געשטערט. ווער ווייסט אים דאָרט, אין וואָס זיי האָבן זיך געשפּילט, וואָס זיי האָבן אין זינען געהאַט. עפּשער איז ער גראָד געווען אַ באַלאָן, אַ זעגל־שיף, און איך מיט מיין רענצל בין פאַר אים געווען אַן אונטערוואַסער־פעלז. פאַר מיר איז שטורעמווינט אַן אומאָנגענעמע זאַך, פאַר אים אַ פאַרגעניגן. — דערוואַקסענע און קינדער שטערן זיך: זיי יענע, און יענע זיי.

ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געווען קליין, האָב איך ליב געהאַט צו גיין מיט פאַרמאַכטע אויגן איבער דער גאַס. איך זאָג: „צען טריט וועל איך גיין מיט פאַרמאַכטע אויגן”. ווען די גאַס איז ליידיק, פאַרמאַך איך די אויגן אַף צוואַנציק טריט און עפן נישט, מעג זײַן וואָס עס וויל. טכילעס שטעל איך גרויסע שפּאַן, און דערנאָך פּאַמעלעכער, פאָרזיכטי־קער. נישט טאָמיד איז מיר געראָטן. איינמאָל בין איך אַרײַנגעפאַלן אין רינשטאָק. דעמאָלט איז נאָך אין די רינשטאָקן געווען וואַסער, איצט איז

שוין פֿאַראַן קאַנאַליזאַציע, קאַנאַלן, רערן זענען דאָ אין דער ערד. אַלזאָ בין איך אַרײַנגעפֿאַלן אין רינשטאָק, אויסגעלענקט אַ פֿוס — אַ וואָך צײַט האָט ער מיר ווײ געטאָן. אינדערהיים האָב איך גאָרנישט געזאָגט, וואָרום וואָס זאָגן, אַז זיי וועלן נישט פֿאַרשטיין? מען וועט מיר ענטפֿערן, אַז אַפֿ דער גאַס דאַרף מען גיין מיט אָפֿענע אויגן. דאָס ווייסט דאָך יע־דער איינער, אָבער צוליב אָפּוועקסלונג מעג מען אַמאָל פּרווון.

אָן אַנדערש מאָל בין איך מיטן קאָפּ אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ לאַמטערן, — אַ בײַל באַקומען, נאָך גוט, וואָס דאָס היטל האָט אַביסל פֿאַרשטעלט. וואָרום קוים מאַכט מען נאָר איין קרומען טריט, ענדערט זיך שוין די גאַנצע ריכטונג, און אָדער אין אַ לאַמטערן אַרײַן, אָדער אין אַ פֿאַרבײַ־גייער. — ווען מען פֿאַלט אַרויף אַף עמעצן, איז — איינער רוקט זיך בלויז אָפּ און גאָרנישט, אָדער ער זאָגט עפּעס אַ ווערטל. טיילמאָל אָבער טוט זיך אַזאַ איינער אַ וואָרף ווי אַ כײַע.

— בלינד ביסטו, זעסט נישט?

און קוקט מיט רעציכע, נאָר אויפֿצופֿרעסן.

איינמאָל — איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ גרויס ייִנגל — אַ פּופֿצן יאָר אַלט. גיי איך מיר אַזוי, און צוויי מיידלעך יאָגן זיך. עפּעס אַזוי אין דער זײַט זײַנען זיי געלאָפֿן — און גלײַך אַף מיר אַרויף. צו שפּעט געווען אויסצומײַדן, האָב איך מיך אָנגעבויגן, צעשפּרייט די הענט — און ביידע זײַנען צו מיר מיטאַמאָל אַרײַנגעפֿאַלן. זיי האָבן אַ קוק געטאָן צעשראָקן. איינע האָט געהאַט בלויע אויגן, און די אַנדערע — שוואַרצע, לאַכנדיקע. אַ רעגע האָב איך זיי צוגעהאַלטן, קעדיי צו כאַפּן דאָס גלײַכגעוויכט און אויסמײַדן. איינע האָט אַ געשריי געטאָן: „אוי", און די אַנדערע האָט געזאָגט: „אַנטשולדיקט". איך האָב געזאָגט: „ביטע זייער". און ביידע זײַנען מיר אַרויסגעפֿלויגן. זיי זײַנען אַנטלאָפֿן און זיך אומגעקוקט און געלאַכט, און איינע איז אַרויפֿגעפֿאַלן אַף עפּעס אַ פֿרוי. און יענע האָט זי אַ שטופּ געטאָן, אַז זי האָט זיך שיר איבערגעקערט. אַזוי גראָב.

קינדער זײַנען דאָך נייטיק אַף דער וועלט און דאַווקע אַזוי ווי זיי זײַנען.

איך זאָג:

— מונדעק, ווילסט גיין אין אַ גײַעג מיטן טראַמוויי?

מיר זײַנען גראָד געשטאַנען בא דער סטאַנציע.

זאָגט ער:

— גוט. װער װעט גיכער: דער טראַמװײַ, צי מיר. ביזן ראָג.

— ביזן ראָג.

פון אָנהייב איז גרינג, װײַל דער טראַמװײַ איז נאָך נישט געװען אין פולן לויף. אָבער דערנאָך לויפן מיר שוין אינמיטן גאַס, נעבן טראָטואר — װוּ די פערד, א דראָזשקע האָט אונדז געשטערט. מיר האָבן פאַרשפּילט.

זאָגט ער:

— אָבער איך בין דער ערשטער.

איך:

— דאָס איז קיין קונץ נישט, — דײַן פּאַלטאָ איז געװען פונאַנדערגעשפּיליעט.

ער:

— און װער האָט דיך נישט געלאָזט? האָסט אויך געקאָנט אַף הינטן פאַרקאַטשען דעם מאַנטל.

בא, איך האָב פאַרגעסן. שוין אַזוי פיל יאָר נישט געיאָגט זיך מיטן טראַמװײַ, אַז איך בין אָפּגעװױנט געװאָרן.

— נו, גוט, — זאָג איך, — נאָכאַמאָל; איך װעל מיך אויך פונאַנדערשפּיליען.

אָבער ער װיל שוין נישט. ער זאָגט, אַז די שטיװל רײַסן זיך. און איך װאָלט ראַק געלאָפן. איך בין צופרידן, װאָס איך װער נישט מיד. װאָרום איך בין געװען פאַרסאָפּעט און דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, אָבער איך האָב מיך אָפּגעשטעלט אַף אַ רעגע, און איך בין שוין אויסגערוט. װאָרום קינדערישע פאַרמאַטערטקייט מאַכט נישט מיד.

מיר ריידן, װי אַזוי זיך אויסצולערנען אַרײַנשפּרינגען אין טראַמװײַ. ס'איז קלאָר נישט געפערלעך, נאָר מען דאַרף קענען. מ'דאַרף נאָכלויפן דעם טראַמװײַ, אפילו גאָר װײַט. װען מען קען, דאַרף מען לויפן נעבן טראַמװײַ און צורירן די האַנט. און דערנאָך זיך אָנכאַפּן. און ערשט שפּעטער, אָבער נישט אין פולן לויף, נאָר װען ער רירט, אַרויפשפּרינגען און אַראָפּשפּרינגען. אין אַ כוידעש צײַט קאָן מען זיך אויסלערנען. און בעסער איין צו אַ צוגעטשעפּעטן, װאָרום אויב דו פאַלסט אַפילע אום, װעסטו

נישט ארונטערפאלן אונטער די רעדער, און מען דארף זיך אומקוקן, צי עס פּאַרט נישט פון הינטן קיין אויטאָמאָביל.

— אויך דערוואַקסענע ברעכן אַמאָל דאָס גניק.

מיר האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן אומגליק־פאלן.

איך זאָג:

— פאר מײַנע צײַטן זײַנען נישט געווען קיין אויטאָמאָבילן.

ער האָט אַ קוק געטאָן פאַרכידעשט.

— וואָס הייסט נישט געווען?

— נו, נישט געווען, — זאָג איך מיט כּעס, ווײַל עס האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט.

און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ סלופּ מיט אַנאָנסן.

אין קינאָ גיט מען אַ בילד: „די יעסורים פון ליבע".

— וואָלסט געוואָלט זען?

מונדעק האָט זיך פאַרקרימט:

— אַזוי זיך. ליבע־בילדער זײַנען לאַנגווײַליק. אָדער מען קושט זיך, אָדער מען גייט אַרום איבער די צימערן. טײלמאָל בלויז שיסט עמע־צער. איך וויל בעסער דעטעקטיוון.

— און וואָלסט געוואָלט זײַן אַ דעטעקטיוו?

— אַוואַדע. לויפן איבער דעכער, דורך פּלויטן — מיט אַ ברוינינג.

מיר האָבן איבערגעלייענט דעם אַנאָנס פון צירק.

— צום בעסטן האָב איך ליב אַ צירק.

מיר שטייען, פּלוידערן, און גייען ווײַטער.

— מאָרגן זײַנען פאַראַן פינף לעקציעס.

נאַטור.

— ווען די לערערן זאָל אונדז עפּעס מער דערציילן וועגן פאָקעס, וועגן ווײַסע בערן.

— וואָלסט געוואָלט זײַן אַ בער?

— נאָך ווי.

— בערן זײַנען דאָך אָבער אומגעשיקט.

זיי זײַנען גאָרנישט אומגעשיקט, עס דאַכט זיך נאָר אַזוי. אָבער איך וואָלט בעסער געוואָלט זײַן אַן אָדלער. איך וואָלט מיך אַרויפגעכאַפּט אויפן העכסטן שפּיץ פעלדז, העכער פון די וואָלקנס. איך וואָלט דאָרט געשטאַ־

נען איינזאם און שטאָלץ.

עס איז אָנגענעמער צו האָבן פליגל, ווי פליען מיט אַן עראָפּלאַן. פּאַרט בענזין און ער קאָן קאַליע ווערן, — מען דאַרף האַנגאַרן און נישט אומעטום קאָן מען זיך אַראָפּלאָזן. מען דאַרף רייניקן, זיך פונאַנדערלויפן. אָבער פליגל, אַז דו פליסט נישט, לייגסטו זיי איין, און אַ סאָף.

ווען מענטשן זאָלן האָבן פליגל, וואָלטן די מאַלבושים געמוזט זיין אַנדערש. אין דער בלוזע וואָלטן פון הינטן געווען עפענונגען און די פליגל וואָלט מען געהאַלטן פון אויבן, אָדער אונטערן רעקל.

עס גייען זיך אַזוי צוויי יינגלעך — דאַכט זיך גאָרנישט — שמועסן. די זעלבע, וואָס האָבן ערשט פאַר אַ רעגע אַרויסגעשטעקט די צינגער, קער־דיי צו באַלעקן די נאָז, די זעלבע, וואָס האָבן ערשט זיך געיאָגט מיטן טראַמוויי. און איצט ריידן זיי וועגן פליגל פאַר דער מענטשהייט.

דערוואַקסענע מיינען, אַז קינדער קענען בלויז שטיפן און פלוידערן, אָבער זיי זאָגן פאַרויס די וויַיטע צוקונפט, זיי אַמפּערן זיך וועגן איר און פירן וויקוחים. דערוואַקסענע זאָגן, אַז מענטשן וועלן קיינמאָל נישט האָבן קיין פליגל, אָבער אָט בין איך שוין געווען אַ דערוואַקסענער און איך זאָג, אַז מען קאָן האָבן פליגל.

אַלזאָ שמועסן מיר, אַז עס וואָלט געווען אָנגענעם צו פליען אין שול אַריין און פון דער שול אַרויסגעפליגן, און אַז איך וועל מיד, גיי איך אַ שטיקל וועג צופוס. אַמאָל רוען אָפּ די פליגל, אַמאָל די פיס.

מען וואָלט געקאָנט זיך אַרויסבייגן פון פענצטער און אויך אָפן דאַך זיך אַראָפּלאָזן, — אַ פלי טאָן אין וואַלד אַריין אַף אַן אויספלוג. איבער דער שטאָט פליען מיר פּאַרוויַיז, און הינטער דער שטאָט לאָזט זיך יעדער, וווּ ער וויל. אין וואַלד קאָנסטו גיין, וווּהין דו ווילסט, און האָסטו פאַרלוירן דעם וועג, טוסטו אַ פלי אינדערהייך און קוקסט, וווּ דער צוזאַמענפלי איז — און דו קאָנסט שוין נישט פאַרבלאָנדזשען.

— אַ יאָ, מונדעק, עס וואָלט גוט געווען?

— אַוואַדע גוט.

און מענטשן וואָלטן געקריגן אַ שאַרפע ריע. און מיר ריידן וועגן דעם, וואָס די וואַנדערפייגל טרעפן צו זייערע דערפער און צו זייערע נעסטן. זיי האָבן נישט קיין מאַפּעס, קיין קאָמפּאַסן, און טרעפן דורך יאַ־מים און בערג און טייַכן.

קלוגע פייגל, קליגער פארן מענטש. אָבער דער מענטש הערשט אי־בער אַלצדינג, אַלץ פאָלגט אים.

— עפשער איז עס דערפאַר, ווײַל ער קען צום בעסטן דערהאַרגענען, און נישט, ווײַל ער איז דער בעסטער.

מיר האָבן זיך פאַרטראַכט, און מיטאַמאָל גייט פאַרבײַ עפּעס אַ יינגל — שוין אַ גרויסער שקאָץ — און וואַרפט מיר אַראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ. ער האָט געהאַלטן אַ שטעקעלע און אַזוי אַ שאַר געטאָן פאַרן דאַשעק דאָס היטל פון קאָפּ אַראָפּ.

איך טו גלײַך אַ שפּרונג־צו צו אים:

— וואָס פאַרטשעפּעסטו?

— איך האָב דיר דען עפּעס געטאָן? — מאַכט ער זיך קלוימערשט פאַרכידעשט?

— האָסט מיר אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל.

— וואָס פאַר אַ היטל?

ער לאַכט כוצפּעדיק און לייקנט שטיין און ביין.

— האָסט עפּשער נישט אַראָפּגעוואָרפן?

— אַוואַדע נישט. אָט זע, ער האַלט דײַן היטל.

מונדעק האָט דערווײַל אויפגעהויבן דאָס היטל און קוקט, וואָס דער־פון וועט אַרויסקומען.

— ער האַלט, אָבער דו האָסט עס אַראָפּגעוואָרפן.

— טראָג זיך אָפּ, ראָצער. אַ היטל וועל איך אים גאָר אַראָפּוואַרפן. איך האָב שוין נישט וואָס צו טאָן.

— אַוואַדע האָסטו נישט, גאַסניונג איינער. לאָזט נישט דורכגיין רויִק די גאַס.

— נאָר נישט גאַסניונג, פאַרשטייסט, וואָרום דו קאָנסט אַרײַנכאַפּן.

און ער האָט מיר אַ שטורכע געטאָן מיט דעם העלצל אונטער דער גאָמבע, איך ווידער האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס העלצל, אָט דאָס שטעקעלע, און צעבראָכן.

ער טוט זיך אַ לאָז צו מיר. איך שטיי.

— גיב אָפּ דעם שטעקן, אָדער באַצאָל.

ער האָט זיך אָנגעבויגן. ער איז העכער, האָב איך געטאָן אַ שפּרונג־

אונטער און מיט דער פויסט אין שטערן. אָבער דאָס היטל איז אים נישט אַראָפּגעפאַלן.

איך האָב גענומען שטעלן פיס, און מונדעק נאָך מיר.

אַך ווי מיר זײַנען געפלויגן.

— אָט האָסטו — טראַכט איך מיר — נאָכאַמאָל פאַרטשעפּע נישט, וואָרום פון אַ קליינעם קאָנסטו אויך אַרײַנכאַפּן, שאַלטיק איינער.

טכּילעס האָט ער אָנגעהויבן נאָכצויאָגן, אָבער ער זעט, אַז ער איז נישט געוועכט, אַז ער האָט נישט אָנגעטראָפן אַף קיין לעקיש, — האָט ער אויפגעהערט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט — זיך צעלאַכט.

מיט אַ רעגע צוריק בין איך געווען אַזוי אויפגעקאָכט, אַז דאָס בלוט האָט מיר פאַרגאָסן די אויגן. איך האָב אַלצדינג געזען אין אַ רויטן קאָליר. איצט איז ווידער פריילעך. איך שטויב אָפּ דאָס היטל מיטן אַרבל.

און מונדעק זאָגט:

— צו וואָס האָסטו מיט אים אָנגעהויבן?

— איך האָב מיט אים אָנגעהויבן, צי ער מיט מיר?

— נו יאָ, אָבער ער איז גרעסער.

— און אַז גרעסער, מעג ער שוין יעדן פאַרטשעפּען?

— און אויב ער וועט דיך מאָרגן דערקענען און אָנבויקערן?

— ער וועט נישט דערקענען. ווי וועט ער דאַרט דערקענען?

אָבער מונדעק איז גערעכט. איצט וועל איך מיך מוזן היטן.

אָבער צי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אין מיטן העלן טאָג זאָל מען אַף אַ גאַס צווישן מענטשן אַראָפּוואַרפן אַ היטל פון קאָפּ? — ווען מען זאָל דאָס אַזוי טאָן אַ דערוואַקסענעם, וואָלט שוין געווען אַ גאַנצער אייסעק — אַ צוזאַמענלויף — אַ מיליציאַנט. נאָר ווײַל אַ יִינגל, איז גאָר־נישט. צווישן קינדער זײַנען אויך פאַראַן אַוואַנטורניקעס, און מיר האָבן נישט קענען זיי קיין שום הילף, קיין שום שוץ, — מוזן מיר זיך אַליין העלפן.

מיר שטייען אַפן ראָג, און עס איז אונדז אַ שאָד זיך צו צעשיידן. מיר האָבן דאָך געשמועסט וועגן עפּעס וויכטיקס, האָט ער אונדז גע־שטערט. געווען אַן אָנגענעמער שפּאַציר: אי זיך פאַרווײַלט, אי גע־שמועסט, אי געהאַט אַן אַוואַנטורע.

אצינד גיי איך שוין אליין פאמעלעך און באמי מיך צו שטעלן די טריט פונקט אינמיטן פון די טראָטואר־שטיינער. אזוי ווי מען שפּילט אין קלאסן: נישט ארויפצוטרעטן אף דער ליניע. — עס וואָלט געווען גרינג, אָבער מ׳דאַרף אויסמיידן די פאַרבײַגייער; און ווידער באלד אף דער רעגע מאכן א שפּאַן אין דער זײַט, קעדיי נישט ארויפצוטרעטן אף דער ליניע, געלינגט נישט אלעמאָל. אלזאָ מעג איך נישט ארײַנטרעפן בלויז צען מאָל. אויב עס וועט זײַן מער, האָב איך פאַרשפּילט. — איך צייל: איין מאָל נישט געלונגען, — צוויי, דרײַ, פיר מאָל. — איך מעג נאָך — זעקס, פינף. איך האָב מוירע, אָבער אזא מין מוירע אין שפּיל איז אָנגענעם.

בלויז אכט מאָל האָב איך ארויפגעטרעטן אף דער ליניע און איך גיי ארײַן אין טויער. נאָר פאַר דער קראָם האָב איך נאָך איבערגעשראָקן א קאַץ. די קאַץ איז ארײַן אין טויער, איך נאָך איר. זי איז אָפּגעשפּרונגען אין א זײַט און האָט געקוקט: זי האָט קאָמיש אויפגעהויבן א פיסל אינ־דערהייך.

— האָט מען דיך פאַרהערט פון עפּעס אין שול? — פרעגט די מאַ־מע.

— ניין.

איך האָב איר א קוש געטאָן די האַנט — האַרציק. די מאַמע האָט אזש אף מיר א קוק געטאָן און געגלעט דעם קאָפּ.

איך פריי מיך, וואָס דער דירעקטאָר האָט מיר מויכל געווען און וואָס איך האָב ווידער א מאַמע.

קינדער דאַכט זיך, אז דערוואַקסענע דאַרפן נישט קיין מאַמע, אז נאָר א קינד קאָן זײַן א יאָסעם. עס איז שוין אזוי, אז וואָס עלטער, אלץ זעלטענער האָט מען עלטערן. אָבער אויך א דערוואַקסענער האָט נישט ווייניק מאָמענטן, ווען ער פאַרבענקט זיך נאָך דער מאַמען, נאָכן טאַטן, און עס דאַכט זיך אים, אז נאָר די עלטערן וואָלטן געקאָנט אויסהערן, פאַרשטיין, אן אייצע געבן און העלפן, און אויב נייטיק, — מויכל זײַן און מיטפילן. אלזאָ אויך א דערוואַקסענער פילט זיך פאַריאָסעמט.

איז אָט, אָפּגעגעסן מיטאָג: וואָס וועל איך איצט טאָן?

איז גיי איך אראָפּ אפן הויף. — פעלעק, מיכאל, וואַצעק.

— שפּילן מיר אין יאַגד אף בײַעס?

מיכאל האָט אויסגעשניצט אַ רעוואָלווער, אָנגעמאָלט מיט טינט אַף שוואַרץ, אַרומגעקלאַפּט מיט טשוועקעס. ער האָט עפּעס ערגעץ געפּאַקט אַזעלכע טשוועקעס מיט גילדענע קעפּלעך, — עס הייסט, נישט מאַמעש פון גאָלד, — מעשענע, בלישטשענדיקע. מיכאל האָט אים גערופן: „דער זיגערישער רעוואָלווער". קלוימערשט האָט ער אים באַקומען אַפן שלאַכט־פעלד אַלס אויסצייכענונג פאַר העלדישקייט. — דער גענעראַל אַליין האָט אים געגעבן פאַר אַ העלדישער טאַט. — קלוימערשט אַז נאָך דער שלאַכט האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען דעם גאַנצן רעגימענט. דער אָרקעס־טער שפּילט, פּענער פלאַטערן, מען שרייַט וויוואַט, אַ דעפּילאַדע, און דער־נאָך זאָגט דער גענעראַל:

— דעם דאָזיקן רעוואָלווער האָט מייַן עלטערזיידע דעראָבערט באַ די טערקן, און ער גייט־איבער בעיערושע פון זון צו אייניקל. צוויי הונדערט יאָר איז ער געווען אין אונדזער מישפּאָכע. און אַצינד, אַזוי ווי דו האָסט מיר אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן, זאָל ער דיר דינען.

אַזוי זאָגט מיכאל.

אַמאָל זאָגט ער, אַז באַ ווין, אַן אַנדער מאָל — צעצאָרע, אָדער גאָר גרונוואַלד. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. — איצט, ווען איך בין ווידער אַ קינד, דאַכט זיך מיר, אַז עס איז נישט וויכטיק, וואָס אַ מענטש ווייסט, נאָר ווי אַזוי ער פילט דאָס אין זיך. ווען איך בין געווען אַ לערער, האָב איך אַנדערש געטראַכט.

נו, הייסט עס, מיכאל וועט זייַן אַ יעגער, פעלעק — אַ האָז, און איך מיט וואַצעקן — הינט.

מיר זייַנען נישט באַלד געקומען צו אַ באַשלוס. טכילעס האָט גע־זאָלט זייַן אַ נאָכגעיעג אַף אַ באַנדיט, איך האָב געוואָלט, אַז אַן עקספּע־דיציע צו עסקימאָסן.

ס'איז זעלטן, אַז אַלע זאָלן האָבן איין דייע. טיילמאָל טרעפט, אַז עמעצן גלוסט זיך נישט אַזוי שטאַרק צו שפּילן, איז דאַרף מען אים נאָכגעבן אַף צוצוגעבן כיישעק. אין עסקימאָסן ווילן זיי נישט, ווייַל ס'איז נישטאָ קיין שניי, און אין באַנדיטן דערלויבט נישט מיכאל.

— ווען מיר האָבן זיך פריער געשפּילט, האָט איר מיר אַראָפּגעריסן דעם אַרבל.

נישט אַראָפּגעריסן, נאָר ער איז געווען שוואַך צוגענייט, האָט זיך

דער פּאָדיום אויסגעריבן. וואָרום מיכאל איז געווען אַ געפּערלעכער באַנ־דיט, מיר האָבן אים באַדאַרפט אַראָפּפירן אין קעלער און אומברענגען. ער האָט זיך אַרויסגעריסן און געקאָנט אַנטלויפן, איז האָבן מיר שוין נישט געקאָנט איבערנעמען האָבן דעם אַרבל.

די שפּיל אין אַ האָז איז רויִקער — דאָס איז עמעס, און אויב זי געראָט, קאָן זי זײַן זייער אינטערעסאַנט.

דער איקער אין שפּיל איז, מיט וועמען מען שפּילט. ס'איז פאַראַן אַזעלכע ווילדע, אַז מען ווייסט לעכאַטכילע, אַז עס וועט זיך ענדיקן מיט עפּעס אַ צאָרע. אַזאַ איינער וועט נישט קוקן אַף קיין זאַך, אַבי אויספירן זײַנס, אַז ער האָט געוואָלט. מיט אַזעלכן איז ביכלאַל נישט אָנגענעם צו האָבן צו טאָן, וואָרום מען דאַרף זיך היטן. מען נעמט אים אַרײַן אין שפּיל, ווײַל אַנישט שטערט ער, אָבער מען שטעלט אים באַדינגונגען. — אומ־אָנגענעם איז אויך זיך צו שפּילן מיט איינעם, וואָס האָט ליב זיך צו קריגן. בײַ יעדער קלייניקייט הייבט ער זיך אָן צו קריגן אָדער באַליידיקט זיך. יינגלעך באַליידיקן זיך זעלטענער, נאָר מיידלעך אָפט. — בײַם אינ־טערעסאַנטסטן אָרט וועט ער זיך צו עפּעס־וואָס צוטשעפּען:

— ניין, דאָס שפּיל איך נישט.

מענגן אַלע זאָגן, אַז ער איז נישט גערעכט, ער בלײַבט בײַ זײַנס. אויב עס איז מעגלעך, גיט מען אים נאָך, קעדיי נישט קאַליע צו מאַכן די גאַנצע שפּיל, אָבער עס פאַרדריסט זייער.

דערוואַקסענע קאָנען נישט פאַרשטיין.

זיי טוען זיך אַ זאָג:

— גייט זיך שפּילן. פאַרוואָס שפּילט איר זיך נישט מיט אים? איר האָט זיך שוין גענוג געשפּילט.

און זיי זײַנען אין כּעס, וואָס מיר פאָלגן נישט.

נו, אַדרעאַבעֶ, ווי אַזוי זיך שפּילן מיט אַ שלימאַזל, וואָס וועט זיך באַלד איבערקערן, זיך צעוויינען און לויפן זיך באַקלאָגן. אָדער מיט אַ שוויטע, וואָס פאַרשטייט גאָרנישט און וועט בײַם סאַמע וויכטיקסטן עפּעס קאַליע מאַכן?

וויאַזוי קאָן מען עס פּלוצלינג איבעררײַסן אַ שפּיל און נישט וויסן, וויאַזוי זי וואָלט זיך געענדיקט.

א שפּיל מוז זײַן גוט מאָנטירט, און דאָס געראָט נישט טאָמיד, איז אויב עס געראָט שוין יאָ, וואָלט מען דאָך וועלן געניסן.

איז הייסט עס, שפּילן מיר זיך אין יאגד אַף כּײַעס.

דער האָז איז עטלעכע מאָל דורכגעלאָפן איבערן הויף, אָבער די הינט פאַרלויפן אים דעם וועג פון ביידע זײַטן. איז טוט ער אַ שפּרונג אַרײַן אין אַ פאַרהויז. איך נאָך אים. איך שטיי און שפּיר־נאָך, צי איז ער ארויפגעלאָפן אינדערהייך איבער די שטיגן, אָדער אַראָפּ אין קעלער. — עס דאכט זיך מיר, אַז פון קעלער קומט עפּעס אַ שאָרך. איך פאַרגאַנווע מיך אַראָפּ, דאָרט איז פינצטער.

א האָז לויפט קימאַט טאָמיד אַראָפּ אין קעלער, וואָרום אין דער פינצטער איז לײַכטער זיך אײַנצונאָרען און זיך ארויסצודרייען. און אויב ער האָט געוואָלט אַ רויִקע שפּיל, איז אויך בעסער אין קעלער אַראָפּ. וואָרום דאָך איז פאַראַן אַ שטיקל מוירע, דערצו דאַרף מען אכטונג געבן, מען זאָל נישט אַף עמעצן ארויפשפּרינגען.

פאַראַיאָרן האָט אָלעק דורך אַ האסטיקער באַוועגונג אַראָפּגעוואָרפן פון די שטיגן יוזעקס מאַמע מיט אַ קוישל קוילן. איך בין דעמאָלט געוועזן אַ דערוואַקסענער און איך געדענק אפילע, ווי איך בין געוואָרן אויפגעקאָכט, וואָס די יינגלעך דערלויבן זיך שוין צופיל, און דער הויזוועכטער טרײַבט זיי צו ווייניק מיטן בעזים אַראָפּ פון הויף. אַ צעלאָזענע כעוורע און די לאָקאַטאָרן האָבן נישט קיין מענוכע. נאָך אַ גליק, וואָס די פרוי האָט זיך גאָרנישט געטאָן, בלויז די הויט אַף אַ פוס זיך צעקראַצט; אָבער עס האָט געקאָנט זײַן ערגער.

מיר האָבן געהאַט גרויס מיטגעפיל פאַר יעדן בײַל, אָדער בלויפלעק בײַ אַ דערוואַקסענעם, אָבער אַז דאָס טרעפט אַ קינד, זאָגן מיר:

— גוט אַזוי, נאָכאַמאָל זײַ נישט צעלאָזן.

גלײַך ווי אַ קינד זאָל ווייניקער פילן, זאָל האָבן אַן אַנדערע הויט ווי זיי.

און ס׳איז נאָך גוט, אויב מען מאַכט נאָר בלויז כּוויזעק, כאָטש אויך דאָס פאַרדריסט. וואָרום עס טוט דיר וויי, האָסט זיך איבערגעשראָקן, און זיי וויצלען זיך. — עס טרעפט ערגער: מען שרײַט־אָן. זיי ווייסן, אַז נישט בעקיוון, וואָרום ווער וועט זיך דאָס וועלן אַליין צעמאַזיקן, און אויס־

זען זעט עס אויס, ווי דאַווקע זיי אױף צולאַכעס צעקלאַפּסטו זיך, אָדער צעקאַליעטשעסט זיך.

אַצינד פֿאַרשטיי איך שוין, אַז אויב איך בין אַ יאַגדהונט, און אין קעלער האָט זיך באַהאַלטן אַ האָז, און דערצו קאָן ער נאָך פֿאַרשווינדן אין דער פֿינצטערניש, — טאָר איך נישט אַראָפּגיין טריט בײַ טריט, נאָר איך מוז איינס צוויי — איבער דרײַ שטיגן מיטאַמאָל, ווען אַפֿילע איך זאָל דערבײַ מיך מוזן אויסגליטשן און ברעכן דעם קאָפּ, אָדער זיך אַרונטערנעמען אונטער דער הויט אַ שפּענדל פֿון דעם שטיגן־אָנלען. איך ריזיקיר דאָן, אָדער בעסער געזאָגט, איך גיב מיר גאָרנישט קיין רעכע־נונג, וואָרום איך וויל אים כאַפּן. טרעפֿט דען נישט, אַז אַ הונט טוט זיך פֿון אימפּעט אַ טראַסק אָן אַ בוים אין וואַלד און צעשמעטערט זיך דעם קאָפּ. און אַ הונט האָט דאָך פֿיר לאַפּעס, בעת איך האָב בלויז צוויי.

איך בין אַ הונט און איך ביל און וואָיע, וואָס איך האָב פֿאַרלוירן די שפּורן. ווען איך בין געווען גרויס, האָב איך געהאַט אַ גראָב קאָל און שוין נישט געקאָנט נישט בילן, נישט קרייען ווי אַ האָן, נישט קוואַקען ווי אַ הון. אַצינד האָב איך ווידער באַקומען אַ פֿריש קינדעריש קאָל און איך ביל ווי פֿריער.

שטיי איך אַזוי און שטיי — טו אַ שנאַפּ און אַראָפּ אין קעלער. און וואַצעק נאָך מיר. פּלוצלינג אָבער טוט דער האָז אַ פֿלי־אַראָפּ איבער אונדזערע קעפּ פֿון בוידעם-קעמערל אַרויס אַפֿן הויף.

איך האָב אַ ביל געטאָן פֿאַר אַנטוישונג און זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים.

מיר האָבן אויסגענומען אַ טנײַ, אַז אַף דער גאַס אַרויס טאָר מען נישט, אָבער אַפֿן הויף איז ענג, אַזוי אַז ווי נאָר דער האָז האָט עטלעכע מאָל אַרומגעקרײַזט, זײַנען אים שוין די הינט און דער יעגער פֿאַרלאָפּן דעם וועג פֿון דער זײַט. נו, האָט דער האָז זיך אַ לאָז געטאָן צום טויער.

— מען טאָר נישט!

אָבער גיי רעד מיט אַ האָז, בעת ער ראַטעוועט זיך דאָס לעבן, ווו־הין און וואָס ער מעג. ער ראַטעוועט זיך דאָך דאָס לעבן. און אויב מיר ווילן זיך שפּילן, וועלן מיר דאָס פֿאַרשטיין.

פֿאַר דעם שפּילן נעמט מען טאָמיד אויס אַ טנײַ, וואָס מען מעג, אָבער עס איז שווער זיך צו האַלטן בײַ טאַקאָנעס בעת אַ סאַקאָנע.

אויב מיר זײַנען מיד, אָדער עס איז נישטאָ קײן גרויס כּיישעק זיך צו שפּילן, אָדער עמעצער טוט עפּעס אַ זאַך, וואָס מען טאָר שוין לאַכלוטן נישט, — דעמאָלט רײַסט מען איבער די שפּיל און עס הייבט זיך אָן אַ קריגערײַ. נישט קײן עמעסע קריגערײַ, נאָר אַזוי זיך, קעדיי אָפּצורוען אַביסל, אָדער עפּעס ענדערן אין דער שפּיל, אַרײַנפירן עפּעס אַן אויסבעסערונג. אײנעם וואַרפט מען אַרויס פון שפּיל, אַן אַנדערן נעמט מען אַרײַן, אָדער אַ הונט ווערט אַ האָז, אָדער מען ענדערט דאָס, צי יענץ. אָדער עמעצער געפינט אויס אַ נײַע שפּיל.

און דערפאַר טאַקע איז ליבער זיך צו שפּילן אַליין, אָן דערוואַקסענע. אַ דערוואַקסענער זאָגט באַלד אין פאָרויס, ווי אַזוי עס דאַרף זײַן, ער קלײַבט אַליין אויס, וואָס יעדער אײנער האָט צו זײַן, און ער יאָגט אונטער, ווי עס וואָלט אים אַ שאָד געווען די צײַט. אָבער אינדערעמעסן קען ער דאָך נישט גוט די יינגלעך.

אָף אָפּרוען איז גוט אַביסל זיך דורכצוּווערטלען.

מען נעמט זיך צוזאַמען אין אַ רעדל און מען פּלוידערט. טײלמאָל רויִק, און טײלמאָל אין קאַס.

אויב עס טרעפט, אַז עמעצער צעקלאַפּט זיך, אָדער עס פּלאַצט אים עפּעס (פון אָנטועכץ), לײגט מען אַרויף די גאַנצע שולד אָף יענעם, וואָס האָט געמאַכט אַנדערש, ווי מען האָט אָפּגערעדט.

— איבער דיר.

ער פאַרענטפערט זיך, אַז נישט, אָבער ער פילט זיך שולדיק. און מיר ווייסן, אַז עס איז פּײַנלעך זיך מודה צו זײַן אין שולד, סײַדן אַז ער דערלויבט זיך שוין צופיל, אָדער ווען אײנער זעצט זיך צופיל אָן.

— נו, גענוג.

— איז שפּילן מיר זיך, צי ניין?

— נו, גוט, זאָל שוין זײַן. איז הייבן מיר אָן.

— הערט זיך אויף צו קריגן.

— ווער עס וויל נישט, קאָן זיך אַוועקגיין.

האָט, הייסט עס, דער האָז זיך אַ לאָז געטאָן צום טויער און אַרויס אָף דער גאַס, און מיר נאָך אים. ער איז אַריבער אָף דער אַנדערער זײַט און מיר נאָך אים. אונדז איז לײַכטער, וואָרום ווען אײנער בלײַבט הינטערשטעליק, לויפט אַ צווייטער אונטער פון דער זײַט און פאַרשטעלט

דעם וועג. מיר האָבן אַ גלײַכן וועג, און ער מוז לויפן אין זיגזאַגן. אָבער מיר האָבן גוט אויסגעקליבן, וואָרום דער האָז איז עלטער פון אונדז מיט אַ צוויי יאָר, איז שטאַרקער און לויפט גיכער. מיר וועלן אים סאָף קאָל סאָף כאַפּן, אָבער די גאַנצע כאַריפּעס איז, ווי לאַנג ער וועט זיך פאַרטיידיקן.

און מיר האָבן אים געכאַפּט אַזש אויפן דריטן שטאָק. ער איז געווען פאַרמאַטערט, קוים געאָטעמט. מיר האָבן אים געפּאַקט אַ לעבעדיקן, ער האָט זיך שוין אַפילע נישט פאַרטיידיקט, — ער האָט זיך אַליין אונטער־געגעבן.

האָבן מיר זיך אָוועקגעזעצט באַ די שטיגן און געשמועסט. מיר זײַ־נען אויך געווען פאַרמאַטערט, וואָרום מיר זײַנען דאָך געלאָפן איבער די טרעפּ־אַרויף. אָבער מיר האָבן זיך אַליין געהאַט געגעבן דאָס וואָרט, אַז זאָל זײַן, וואָס עס וויל, וועט ער זיך שוין פון אונדז נישט אַרויסדרייען; אַז מיר מוזן אים פּאַקן.

ער וואָלט זיך נאָך עפּשער געקאָנט באַהאַלטן אין אַ שטוב, אַרײַן אין דער נאָרע. האָט ער אָבער נישט געוווינט באַ די דאָזיקע שטיגן.

און ער זאָגט:

— ווען כ׳זאָל געווען וועלן, וואָלט איר מיך נישט געכאַפּט.

זאָגן מיר, אַז ער האָט דאָך שוין נישט געקאָנט אַנטלויפן.

זאָגט ער:

— ווען כ׳זאָל געווען וועלן, וואָלט איך געקאָנט.

— מיר האָבן אויך געקאָנט גיכער כאַפּן, נאָר נישט געוואָלט זיך אינגאַנצן פאַרמאַטערן. — און אַף דיר איז אונדז אויך געווען אַ ראַכמאָ־נעס.

— יאָ, אַ ראַכמאָנעס. — אַז איר האָט מיך נישט געלאָזט קיין איין רעגע אָפּרוען. אַפילע אַן עמעסער הונט יאָגט נישט אַזוי.

— פאַרוואָס זשע ביסטו אַרויסגעלאָפן אַף דער גאַס, ווען מיר האָבן אויסגענומען, אַז נישט?

— טאָ איז וואָס? וווהין האָב איך געזאָלט אַנטלויפן?

— האָסטו זיך דאָך געקאָנט אונטערגעבן.

— כאָכעם איינער. האָסט באַדאַרפט שיסן. ווען דו זאָלסט מיך געווען פאַרווונדן, וואָלסטו מיך געפּאַקט. האָלט אַ רעוואָלווער און שיסט נישט.

עמעס: מיכאל האָט באַדאַרפט שיסן, איז ער גאָר אויך נאָכגעלאָפן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ יעגער, נישט קיין הונט. דאָס איז געווען אַ מאָעס. ווען ער זאָל געווען שיסן, וואָלט פעלעק אַנידערגעפאַלן; העיוים ער איז שוין געווען זייער פאַרמאַטערט, וואָלט ער זיך געווען אונטער־געגעבן מיט קאָוועד. מיכאל איז צערייצט.

— אין צעצאָרא האָט ער באַקומען אַ רעוואָלווער פון סאָמע קעניג, און צו אַ האָז קאָן ער נישט שיסן. — אַ העלד.

מיכאַלן איז געוואָרן אומהיימלעך.

— אַז דו וועסט כּוויזעק מאַכן, וועל איך דיר שוין גאָרנישט דער־ציילן.

וואַצעק האָט זיך דערשראָקן, אַז ער וועט ברויגעז ווערן, פאַרעדט ער אים:

— געדענקסט, ווי מיר האָבן זיך געשפּילט אין טיגערס, און דו ביסט אַנטלאָפן פון צירק, און איך בין געווען דער דרעסירער?

מיר האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן פון דרעסירטע כּיַיעס, פון וואָס יעדער איינער האָט געזען. פון לייבן, וואָס שפּרינגען דורך פּיַיער־רייפן, פון העלפאַנט, וואָס איז געפאָרן אַף אַ וועלאָסיפּעד, וועגן מאַלפּעס און הינט.

וועגן הינט איז אינטערעסאַנט צו שמועסן, וואָרום יעדער האָט זיי אַליין געזען, בעיים וועגן אַנדערע כּיַיעס האָט מען מער געהערט אין נעלייענט.

פעלעקס פעטער האָט אַ הונט, וואָס שטעלט זיך אַף צוויי פיס, אַפּאָר־טירט, מאַכט זיך געפייגערט און לאָזט זיך נישט אָנרירן. און דאָ איז אַ זעלנער געקומען צופאָרן אַף אורלויב און געהאַט אַ געלערנטן הונט. ער האָט אַפן הויף מיט אים געמאַכט פאַרשיידענע קונצן. ער האָט געוויזן די יינגלעך אַ באַגנעט און דערציילט וועגן מאַשינביקסן און באָמבעס.

— ווען עס זאָל זיַין אַ מילכאָמע, וואָלט איך באַלד געגאַנגען ווי אַ פריַיוויליקער.

— פרעג, צי מען וואָלט דיך אָנגענומען?

צו קליין.

אַ זיפּץ.

מיר האָבן גערעדט וועגן וואַסערטויכער, אַז זיי האָבן פליספעדערן

ווי קאַטשקעס, און זיי ראַטעווען זיך־טרינקענדיקע. — און וועגן דער־טרונקענע. עס איז שוין פינצטער געוואָרן. און עס איז אַ פּאַכער צו ריידן.

— דער לערער האָט געלייענט אין שול וועגן עסקימאָסן.

מיר שמועסן וועגן עסקימאָסן און וועגן דער שול.

ווי גוט וואָלט געווען, ווען עמעסע רײַזנדער, דערפינדער און מילי־טערלײַט וואָלטן דערציילט אין די שולן, וואָס זיי טוען און וואָס זיי האָבן געזען.

— איינמאָל האָט די לערערן דערציילט וועגן איר אויספלוג אין די טאַטרען. וואָס פאַר אַ שטורעם עס איז געווען, דונערן. מען רעדט גאָר אַנדערש, אויב מען זעט אַ זאַך, און אַנדערש פון די ביכער אַרויס. עס איז ווייניקער אינטערעסאַנט.

— נו יאָ, רײַזנדער דערציילן, אָבער פאַר דערוואַקסענע. אַזעלכע באַרימטע לײַט וועלן באַלד גיין דערציילן פאַר קינדער. עס לוינט נישט.

מיר זײַנען שטיל געוואָרן. דער הויזוועכטער האָט אָנגעצונדן ליכט אַף די שטיגן. ער דערזעט אונדז און נעמט טרײַבן:

— וואָס טוט איר דאָ אין דער פינצטער? מאַרש אַהיים.

און ער קוקט זיך עפּעס אַזוי אַרום מיט כשאַד, ווי מיר זאָלן דאָ האָבן זיכער געטאָן עפּעס אַ זאַך, וואָס מען טאָר נישט. ער האָט אַוואַדע געמיינט, אַז מיר רייכערן פּאַפּיראָסן, וואָרום ס'איז געלעגן אַ שוועבעלע, ער כאַפּט אַ קוק דאָ אַפן שוועבעלע, דערנאָך אַף אונדז און אַזוי קעסיי־דער.

עפּשער דאַכט זיך אונדז בלויז, אָבער אומצוטרוי איז זייער אומ־אָנגענעם. און נאָך האָבן זיי אַ טעווע צו דערליידיקן קאָלערליי זאַכן, בעיים עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט. אויב זיי זעען נישט, איז גאָרנישט, נאָר טאָמער דערזעען זיי, איז טאָמיד:

— פאַרשפּיליעווע דאָס קנעפּל; פאַרוואָס האָסטו פאַרבלאָטיקטע שיך; האָסט געמאַכט די לעקציעס; ווײַז די אויערן; שנײַד אָפּ די נעגל.

און דאָס לערנט אונדז ביסלעכווײַז זיי אויסצומײַדן, זיך צו באַ־האַלטן — אַפילע ווען מיר האָבן גאָר קיין שלעכטס נישט געטאָן. און אויב זיי טוען צופעליק אַף אונדז אַ קוק, וואַרטן מיר באַלד אַף עפּעס אַ באַמערקונג. עפּשער דערפאַר האָבן מיר נישט ליב קיין כניפעניקעס. עפּשער איז עס גאָרנישט קיין כניפעניק, נאָר ער דרייט זיך צופיל צווישן

דערוואַקסענע, האָט נישט קיין מוירע פאַר זייער בליק, איז ער ווי אַף זייער זײַט.

ווען איך בין געווען אַ לערער, האָב איך אויך געטאָן אַזוי. איך האָב געמיינט, אַז עס איז גוט אַזוי, וואָס איך זע אַלצדינג און באַמערק יעדע קלייניקייט. אַצינד אָבער נישט: אַ קינד דאַרף זיך פּילן פרײַ, בעיים איך קוק דערויף. און אויב איך וויל עפּעס זאָגן, דאַרף דאָס נישט זײַן ווי דער־רעך אַגעוו, נאָר ווי מען וויל בעעמעס עפּעס זאָגן.

איז זיצן מיר אַף די שטיגן אין דער פינצטער. — ווי אַזוי דען זאָלן מיר זיצן, אויב עס איז נישט אָנגעצונדן קיין ליכט? — מיר שמועסן. אָבער אויב מיר וועלן זאָגן, אַז מיר שמועסן, וועט מען אונדז אַוואַדע זאָגן:

— וועגן וואָס אַ שטייגער קאָנט איר דאָרט שמועסן? מיסטאָמע וועגן שטוסים?

עמעס, נישט וועגן כאָכמעס. אַזוי זיך. אָבער צי ריידן דערוואַקסענע טאָמיד הוילע כאָכמעס? פאַרוואָס באַלד דער ביטל?

די דערוואַקסענע דאַכט זיך, אַז זיי קענען אונדז גוט. וואָס פאַר אַ גרויסע כאַריפעס קאָן דאָרט שטעקן אין אַ קינד? עס האָט ווייניק געלעבט, עס ווייסט ווייניק, עס פאַרשטייט ווייניק. — וואָרום יעדער פאַרגעסט דאָך, ווי אַזוי ער איז געווען אַ קינד און מיינט, אַז ערשט איצט איז ער דער גרעסטער כאָכעם.

— מאַרש אַהיים, געגאַנגען.

מיר זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אָן כיישעק, פּאַמעלעך, טריט בא טריט. קעדיי ער זאָל נישט מיינען, אַז מיר האָבן פאַר אים מוירע. וואָרום אויב מיר זאָלן דאַווקע וועלן בלײַבן און טאָן, וואָס מען טאָר נישט, וואָלט ער אונדז נישט געקאָנט דערהיטן. אויב נישט דאָ, איז ערגעץ אַנדערש, אויב נישט אַצינד, איז שפּעטער.

אינדערהיים איז די וועטשערע נאָך נישט געווען פאַרטיק, האָב איך מיך אָנגעהויבן שפּילן מיט אירענקען.

וואָרום איך האָב אַ קליין שוועסטערל. יאָ, אַ מאַמען, אַ טאַטן, און די קליינע אירענקע.

מיר שפּילן זיך, אַז* איך פאַרמאַך די אויגן, פאַרשטאָפּ די אויערן און דריי מיך אויס צו דער וואַנט, און זי באַהאַלט די ליאַלקע, און איך זוך.

ווען איך געפין, ווייל איך קלוימערשט נישט אפגעבן, נאר האלט זי הייך איבערן קאפ. זי ציט מיך פאר דער האנט און שרייט:

— גיב אפ די ליאלקע, גיב אפ, גיב אפ.

זי מוז זאגן: „גיב אפ די ליאלקע" פופצן אדער צוואנציק מאל, ווארום דאס איז דער אויסקויף. אויב איך האב באלד געפונען, איז ווייניקער, אויב אבער איך האב מיך לאנג געמאטערט, איידער איך האב געפונען, איז מער.

איינמאל האט זי באהאלטן די ליאלקע אונטערן קישן; איך האב זי באלד געפונען. האט זי צען מאל געשריגן:

— גיב די ליאלקע.

דאס צווייטע מאל האט זי באהאלטן אין קעשענע פון פאלטא. דאס דריטע מאל הינטער דער שאנק. דאס פערטע מאל אונטערן בעט. אבער אז זי האט באהאלטן אין א טאפ, האב איך לאנג געזוכט, און זי האט געמוזט שרייען דרייסיק מאל:

— גיב אפ די ליאלקע.

און זאל מען נישט מיינען, אז דאס איז גלאט עפעס א נארישע, קינדערשע שפיל. אנטדעקן א סאד, געפינען דאס באהאלטענע, ווייזן אז מען קאן נישט באהאלטן אזוי, אז מען זאל נישט קענען געפינען. וואס שווערער עס איז איינצונעמען, אלץ ליבער איז דער זיג. צי דאס איז דער עמעס בא דערוואקסענע, אן אנטדעקונג, א דערקענטעניש, — צי א ליאלקע אין טאפ, אדער אונטערן קישן. די גאנצע נאטור — דאס איז אירענקע, וואס באהאלט די ליאלקע, און די הארטנעקיק זוכנדיקע מענטשהייט — דאס בין איך, דאס קליינע יינגל. — דארט האב איך געיאגט א האז דורך מיין לייכטקייט פון די פים און פלינקען לויף, דא פאק איך די ליאלקע דורך כאריפעס, אויפמערקזאמקייט, אקשאנעס.

וואס פאר אן אנדערע זאך טוען מיר אין לעבן, וואס טוט די גאנצע מענטשהייט? — מיר יאגן זיך נאך האזן און מיר זוכן ליאלקעס.

איך בין שוין אפילע פארמאטערט פון דעם דאזיקן לאנגן טאג, אין וועלכן איך האב אזויפיל איבערגעלעבט.

איך האב אפגעגעסן וועטשערע, כ'וויל גיין שלאפן וואס פריער.

— וואס ביסטו עפעס אזוי רויק? — פרעגט מיך דער טאטע. — האסט שוין עפעס אפגעטאן אין שול?

— ניין, — זאג איך — דער קאפ טוט מיר וויי.

— עפשער געבן דיר א לימענע? — זאגט די מאמע.

איך האב מיר בלויז געוואשן די הענט און דאס פאנים, גיך זיך אויסגעטאן, איך ליג מיט פארמאכטע אויגן.

עס האט זיך געענדיקט דער ערשטער טאג, וואס איך בין ווידער קליין. וויפל עס האט זיך אלץ אפגעטאן אין דעם איינעם טאג. איך האב פארצייכנט בלויז א טייל; דאס וואס האט זיך גראד אויפגעמישט אין זיקארן; וואס האט לענגער געדויערט. אויב די איינדרוקן פארפלייצן אייגעם ווי א פרילינגדיקער שלאקסרעגן, צי קאן ער פארגעדענקען און באשרייבן אלע רעגן־טראפנס? צי קאן מען איבערציילן די צעוויגטע כוואליעס פון אז אויפשטייגנדיקן טייך?

איך בין געווען אן עסקימאס און א הונט, איך האב נאכגעיאגט און בין אנטלאפן פון נאכגעיעג, א זיגער און אן אומשולדיקער קארבן פון צופאל. א קייסט־ער און פילאזאף — דאס לעבן שפילט מיר ווי א קאפעליע. איך פארשטיי איצט, פארוואס א קינד קען זיין א רייפער מוזיקער, און ווען מיר וועלן אויפמערקזאמער באטראכטן זיינע צייכענונגען און זיינע רייד, בעיים ער באקומט ענדלעך צוטרוי צו זיך און הייבט אן ריידן, און מיר וועלן באנעמען זיין פארענדערלעכן אבער דערהויבענעם ווערט, — וועלן מיר געפינען אין אים דעם מייסטער פון געפילן, דעם פאעט, מאלער — דעם ארטיסט. דאס וועט אמאל קומען. אבער מיר זיינען נאך נישט דערוואקסן דערצו. מיר שטעקן צו טיף אין דעם מאטעריעלן לעבן.

איך האב געמאכט א רייזע צום לאנד פון אייביקן שניי, פארוואנדלט אין א הונט, האב איך געשטשירעט די ציין — און נאך, און נאך, און נאך.

ווען איך האב מיך געשפילט מיט אירענקען, איז די ליאלקע נישט געווען קיין ליאלקע, נאר א קארבן פון א פארברעכן, א באהאלטענער מעס, וואס איך בין מעכוייעוו געווען אויפצוזוכן. ווען איך האב זי געפונען, האב איך זי אנגענומען פארזיכטיק ווי א טויטע.

די ליאלקע איז געווען א דערטרונקענער, און איך א פישער. איך בין געגאנגען דורכן צימער מיט צעוויגטע טריט. איך האב באוועגט די הענט ווי מיט א נעץ.

די ליאלקע איז געווען א באנדיט: ווו קאן ער זיך דאס באהאלטן?

איך גיי דורכן צימער פּאַרזיכטיק, איך גאַנווע מיך אונטער, ער זאָל מיך נישט מעקאַבל פּאָנים זײַן מיט אַ טויט־שאָס.

נישט אין דער פאַלטאַ־קעשענע, און נישט אונטערן קישן איז זי גע־לעגן, נאָר אין אַ טיפן וואַלד, אין אַן אונטערערדישער הייל, אין אַ זומפּ, אַפן דנאָ פון יאַם. איך האָב זי אַ כאַפּ געטאָן גראַב, טרייסלענדיק זי.

איך האָב אירענקען גאַרנישט געזאָגט, וואָרום זי איז צו קליין, זי וועט דעריבער סײַ ווי סײַ נישט פאַרשטיין. דאָס אַלצדינג איז געווען בלויז מײַן אייגענע שפּיל.

איך האָב פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז גראָד איז די מאַמע אַרײַנגעקומען און געזאָגט:

— גיב איר אָפּ די ליאַלקע. וואָס רייצטו זיך מיט איר?

— מיר שפּילן זיך אַזוי, — האָב איך געענטפערט.

— דו עפּשער שפּילסט זיך, אָבער זי קאַעסט זיך: אַף די שטיגן הערט מען אירע קוילעס.

איך האָב אויך דורכגעלאָזט, אַז אין קעלער אין אַ ווינקל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט עפּעס אַ ווײַסע זאַך, ווי אַ מענטשל אָן אַ קאָפּ אין טאַכריכים. און בעיים איך בין געלאָפן פון קעלער, האָב איך אַ קורצע רעגע נישט נאָכגעיאָגט דעם האָז, נאָר אַנטלאָפן פאַרן געשפּענסט. עס האָט געדויערט אַ רעגע, אָבער ווי געהאַמערט עס האָט אין דער ברוסט, און פאַר די אויגן האָבן אַ שווינדל געטאָן דרײַ שוואַרצע בליצן.

איך האָב נישט פאַרצייכנט, ווי איך האָב בעשאָס דער לעקציע גע־וואָלט טרינקען. און דער לערער האָט נישט דערלויבט אַרויסצוגיין.

— באַלד וועט זײַן דער קלונג, וועסטו טרינקען.

ער איז געווען גערעכט. אָבער איך בין אַ קינד, איך האָב אַצינד אַן אַנדערן זייגער, איך מעסט אַנדערש די צײַט, גאָר אַנדערש איז מײַן קאַ־לענדאַר. מײַן טאָג איז אַן אייביקייט, וואָס טיילט זיך אַף קורצע רעגעס און לאַנגע יאָרהונדערטער. נישט קיין צען מינוט בין איך געווען דורשטיק.

— ווען וועט שוין זײַן דער קלונג? — וואָרום איך לײַד דאָך. איך האָב אַ פײַער אין מויל, אין די אויגן און אין מויעך אַ ברענונג. איך לײַד בעעמעס. וואָרום איך בין אַ קינד.

איך האָב נישט פאַרצייכנט, אַז בעיים דער האַפּסאַקע האָט מיר אַ כאַווער דערלויבט צו שפּילן אַף זײַן נײַער האַרמאָניקע — בלויז נאָר

פּרוּוון, צי זי איז גוט. וואָרום ער האָט זי אויסגעקליבט פאַר דער בעס־טער, — זי זשאַווערט נישט — האַלט זיך לאַנג. איך האָב געשפּילט עפּ־שער אַ מינוט, איין מאָל, אָפּגעווישט אָן רעקל, אָפּגעגעבן. און שוין.

אײַגנטלעך, נישט שוין. וואָרום אויב ער וועט די דאָזיקע האַרמאָ־ניקע פאַרלירן, אויסטוישן, פאַרקויפן, אָדער קאַליע מאַכן, און איך וועל האָבן אין אַ האַלב יאָר אַרום, און ער וועט באַ מיר בעטן, — וועל איך געדענקען און אים אויך לאָזן שפּילן. און אויב איך זאָל נישט לאָזן, וואָלט ער געהאַט רעכט צו זאָגן:

— זע, ווער דו ביסט. איך דיר האָב יאָ דערלויבט.

אַזעלכע טויזנטער געדענקט מען, אויב מען וויל זײַן אַן אָרנטלעכער מענטש.

איך האָב אויך נישט דערמאָנט, אַז איך האָב אַ צו לאַנגן פּאַלטאָ, אַף אויסצוּוואַקסן. ער האָט מיר געשטערט, ווען איך בין נאָכגעלאָפן דעם טראַמוויי. קאָלזמאַן איך וועל נישט אויפוואַקסן, וועט ער מיר טאָמיד שטערן, ווען איך וועל אים אָנטאָן.

ווידער נישט קיין קלייניקייט, וואָס וועט דויערן, ווער ווייסט ווי לאַנג: אַ האַלב יאָר, אַ יאָר, אַן אייביקייט.

איך האָב נישט דערמאָנט, אַז איך האָב מיטאַמאָל דערזען אַף דער שויב אַ לעבעדיקע פליג. איך האָב מיך דערפרייט, ביגנייווע גענומען צו־קער און געוואָרפן עטלעכע ברעקלעך. איך האָב געקאָרמעט דעם פרילינג. און זאָל זיך נאָר אירענע אָדער ווער עס איז דערוועגן איר אַן אַוולע צו טאָן.

איך האָב געפונען אַ שטאָפּער פון אַ פלעשל. ער וועט צונויץ קומען. איך האָב אים אין דער הויזן־קעשענע, באַם בעט.

איך האָב געזען אַ זעלנער אַף דער גאַס. געמאַכט עטלעכע מיליטע־רישע שפּאַז. סאַלוטירט. ער האָט פרײַנטלעך געשמייכלט.

איך האָב געוואַשן דאָס פּאָנים מיט קאַלט וואַסער. איך האָב עס גע־פילט ווי אַ באָד, דאָס גוטע, קאַלטע וואַסער — ווי אַ פאַרבײַלויפנדיקע פרייד.

ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער, האָב איך געהאַט אַן אַלט דיוואַנדל, אַן אָפּגעשאָסנס, אַן אָפּגעבליאַקעוועטס. און איינמאָל האָב

איך אין אַ שויפענצטער פון אַ קראַם געזען פונקט אַזעלכן, אַ נײַעם, די זעלבע צייכענונגען, די זעלבע קווייטן. — איך האָב עפּעס פאַמעלעכער און אײַנגעהויקערט מיך געלאָזט גיין ווײַטער.

ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער, האָט מען נאָך אַ לאַנגן ווינ־טער אויסגעוואַשן אין צימער די פאַרשטויבטע שויבן. זיי זײַנען זייער גע־ווען פאַרשטויבט. ווען איך בין אַהיימגעקומען, בין איך לאַנג געשטאַנען באַם פענצטער, צופרידן געקוקט דורך די דורכזיכטיקע שויבן.

ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער, האָב איך איינמאָל באַגעגנט אַ שוין לאַנג נישט געזעענעם, פאַרגעסענעם פעטער. ער גייט זיך אַזוי אַ ווײַסינקער, אָנגעלענט אָף אַ שטעקן. ער פרעגט, וואָס עס הערט זיך. איך ענטפער:

— כ׳ווער אַלט, פעטער.

און ער:

— וואָס, שוין? וואָסזשע זאָל איך זאָגן? ביסט דאָך נאָך אַ שנעק.

איך האָב מיך געפרייט, וואָס ער לעבט, וואָס ער האָט מיך אָנגערופן באַם נאָמען.

און פּלוצלינג רירט זיך צו אַ וואַרעמע האַנט צו מײַן שטערן. איך האָב אַ ציטער געטאָן. איך עפן די אויגן. איך באַגעגן מיך מיט דער מאַ־מעס אומרויִקן בליק.

— שלאָפסט.

— ניין.

— דער קאָפּ טוט דיר וויי?

— ניין.

— איז דיר נישט קאַלט, עפשער דיך צודעקן?

דער מאַמעס האַנט באַרירט מײַן פּאָנים, די ברוסט.

איך זעץ מיך אויף.

— זאָל די מאַמע נישט מוירע האָבן. דער קאָפּ טוט מיר לאַכלוטן נישט וויי.

— האָסט דאָך געזאָגט.

— עס האָט זיך מיר געדאַכט. איך האָב געוואָלט שלאָפן.

איך נעם ארום מיט די הענט איר האלדז, קוק איר אין די אויגן. און איך באהאלט גיך דעם קאפ אונטער דער דעקע. איך הער נאך:

— שלאף, זונעלע.

איך בין ווידער א קינד, און די מאמע זאגט מיר: „זונעלע". מען זאגט מיר ווידער: „דו". ווידער זיינען די שויבן דורכזיכטיק, ווידער האט דער דיוואן באקומען זיינע פריערדיקע אלטע קאלירן.

איך האב ווידער יונגע הענט, יונגע פיס, יונגע ביינער, יונג בלוט, א יונגן אטעם, יונגע טרערן און פרייד.

פרייד — טרערן — און א יונג געבעט, א קינדעריש.

איך בין איינגעשלאפן. ווי נאך א לאנגן מארש.

# דער צווייטער טאָג

באַנאַכט איז אָנגעפאַלן אַ שניי.

ווײַס — ווײַסינקע.

איך האָב אַזויפיל יאָרן נישט געזען קיין שניי. נאָך אַזויפיל לאַנגע יאָרן פריי איך מיך, וואָס עס שנייט, וואָס עס איז ווײַס.

אויך דערוואַקסענע האָבן ליב אַ שיין וועטער, אָבער זיי טראַכטן, מעדיטירן, בײַ אונדז אָבער איז עס עפּעס אַזוי, ווי מיר וואָלטן עס גע־טרונקען. אויך דערוואַקסענע האָבן ליב אַ העלן פרימאָרגן, אָבער פאַר אונדז איז ער ווי אַ געפרוירענער ווײַן, — מיר זײַנען ווי פאַרשיקערט מיט אים.

ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער, האָב איך, זעענדיק שניי, שוין געטראַכט, אַז עס וועט זײַן אַ בלאָטע; איך האָב געפילט פּײַכטע שיך און — צי וועט געניגן קוילן אַפן ווינטער? און פרייד — זי איז אויך געווען, אָבער באַדעקט מיט אַש, אַ פאַרשטויבטע, אַ גרויע. אַצינד פיל איך בלויז אַ ווײַסע, דורכזיכטיקע, פאַרבלענדנדיקע פרייד. ווײַל וואָס? — ווײַל גאָר־נישט: שניי!

איך גיי פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק, ס'איז מיר אַ שאָד אַף אים צו טרעטן. אַרום פונקען — עס שעמערירט, עס בלישטשעט — עס מיניעט — עס שפּילט — עס לעבט. און אין מיר טויזנטער פונקען. ווי ס'וואָלט עמעצער פונאַנדערגעשיט אַ דימענטן־שטויב איבער דער ערד און אין דער נעשאָמע. ער האָט פאַרזייט, און עס וועלן וואַקסן בריליאַנטענע ביימער. אַ פינקלדיק מײַסעלע וועט געבוירן ווערן.

עס וועט אַרויספאַלן אַף דער האַנט אַ ווײַס שטערנדל. — אַ שיינס, אַ קליינס, אַ האַרציקס. אַ שאָד, וואָס עס וועט פאַרשווינדן פון איבער־שרעק. אַ שאָד, — אָבער איך וועל אַ הויך טאָן, זיך פרייען, וואָס ס'איז נישטאָ, ווײַל שוין קומט אַן אַנדערס. איך עפן דאָס מויל און כאַפּ עס

מיט די ליפּן. איך פיל די קרישטאָלענע קעלט פון שניי, די ריינע און קאַלטע ווייסקייט.

און ווען ער וועט אָנהייבן צו צעגיין, וועלן זיין אייז־צאַפּיקלעך. מען קאָן זיי מיט דער האַנט אַראָפּטרייסלען. מען קאָן אונטערשטעלן דאָס מויל און כאַפּן געלעכטערס און אַראָפּפאַלנדיקע טראָפּנס. מיט אַ שטאַרקער האַנט־באַוועגונג טוסטו זיי אַ שאַר אַראָפּ פון אונטערן געזימס — זיי פאַלן אַראָפּ און צעברעקלען זיך מיט אַ קאַלטן קלאַנג.

עס איז אַף אַן עמעם ווינטער און אַף אַן עמעם פרילינג.

דאָס איז נישט קיין שניי, דאָס איז אַ פאַרקישעפט קעניגרייך פון אַ רעגנבויגנדיקן זייפנבלאָז.

נו, און שנייבאַלן. באַלן, קיילעכלעך, שטיפעריייען, סיורפּריזן, שפּילבאַלן, וויפל דו ווילסט. דאַרפסט נישט קויפן, לייען, בעטן. דו האָסט זיי. — האָסט אַ וואָרף געטאָן — עס האָט ווייך אָנגעשלאָגן און זיך צעפאַלן. עס מאַכט נישט אויס, באַלד וועלן זיין אַנדערע. דו וואַרפסט אים, ער דיר: אין די פּלייצעס, אין אַרבל, אין היטל — און גאַרנישט. געלעכטער און האַרץ־צאַפּלעניש.

ביסט אומגעפאַלן, טרייסלסטו זיך קלוימערשט אָפּ. אין קאָלנער אַריין — ברר — קאַלט — אָנגענעם. אַן אַוואַנטורע.

דו קאַטשעסט אַ באַל. ער קלעפּט זיך אַרום גלייך — ער וואַקסט. קלויבסט אויס גלאַטיקע ערטער, שטופּסט אים אַרונטער. ער וואַקסט — ווערט גרויס. שוין נישט מיט דער דלאָניע, נאָר מיט דער גאַנצער האַנט, פּילסט שוין, אַז ער ווערט שווער. האָסט זיך אויסגעגליטשט, טאָ גיי פאַרמעלעכער, פאָרזיכטיקער. — וועמענס איז גרעסער? — און אַצינד וואָס? מאַכן אַ גוילעם, אָדער מיטן גאַנצן אימפּעט אַ שפּרונג טאָן אַף אים מיט ביידע פיס?

די הויזוועכטער שאַרן צונויף דעם שניי אַף ביידע זייטן גאַס, איז — אַריין אין אים ביז איבער די קני; שאָרעוועסט אַרום אין ווייסן פוך.

איך דאַרף זייער נייטיק ברעטער און טשוועקעס. די נייטיקסטע זאַך אַף דער וועלט — כּוץ דעם עקזיסטירט גאָרנישט — איז אַן אייגענער, מיט בלעך אונטערגעקלאַפּטער שליטן. וואָס אַזעלכעס קאָן מען צעברעכן, פונאַנדערנעמען, אויסזוכן, אויסבעטן — קעדיי צו באַקומען ברעטער? און גליטש־שיך, אויב ס'איז נישט מעגלעך צוויי, טאָ כאָטש איינער. מען

פּילט זיך פאַריאָסעמט אָן גליטש־שיך און אָן אַ שליטן.

אָט זײַנען אונדזערע ווײַסע דײַגעס, אונדזערע ווײַסע באַגערן.

עס איז מיר אַ ראַכמאָנעס אױף אײַך, דערוואַקסענע, וואָס איר זײַט אַזוי אָרים אין פרייד פון שניי, וועלכער איז נעכטן נישט געווען.

דער ווינט האָט צונויפגעשאַרט צעקרישלטע שטערנדלעך פון די געזימסן, פאַראַפּעטן, רינוועס און אַ שיט געטאָן אַ ווײַסן פּודער איבער דער גאַס. אַ ווײַסן, קאַלטן נעפּל. ער הייבט זיך אויף, לאָזט זיך אַראָפּ, פאַרשיט די אײַנגעזשמורעטע אויגנדעקלעך, אַ פאַרהאַנג פון ווײַסע וויעס.

עס איז בלויז די גאַס. נישט קיין וואַלד, נישט קיין פעלד — נאָר אַ ווײַסע גאַס. אַ האַפּערדיק, יונג פרייד־געשריי. אױף די דעכער פון די הײַזער וועלן שטיין קלײנינקע מענטשן־געשטאַלטן און מיט רידלס אַראָפּוואַרפן אױף די פאַרלייגטע טראָטואַרן. און דו ביסט מעקאַנע, וואָס זיי זײַנען אינדערהייך, וואָס זיי קענען אַראָפּפאַלן און פאַלן נישט, וואָס ס׳איז אַזאַ לײַכטע, אָנגענעמע, שיינע אַרבעט: פון דער הייך אַראָפּשלײַדערן שניי, — און די פאַרבײַגייער רוקן זיך אַוועק און קוקן אַרויף אינדערהייך.

ווען איך זאָל זײַן אַ קעניג, וואָלט איך באַפוילן, אַז אין ערשטן טאָג פון עמעסן ווינטער זאָל מען, אָנשטאָט טויזנט שול־גלעקלעך, געבן פון דער פעסטונג צוועלף האַרמאַט־שאָסן פאַר אַ צייכן, אַז ס׳וועלן נישט זײַן קיין לעקציעס.

אין קעלער, צי אַפן בוידעם פון יעדער שול זײַנען פאַראַן קאַסטנס, קעסטלעך, ברעטער.

דער יאַנטעוו פון ערשטן שליטוועגס.

די טראַמווײַען ווערן אָפּגעשטעלט, עס ווערט פאַרבאָטן דער רעדערפאַרקער. אונדזערע שליטעלעך, גלעקלעך נעמען־אײַן די שטאָט. אַלע גאַסן, פּלעצער, סקווערן, גערטנער. — דער ווײַסער יאָנטעוו פון די שולקינדער — דער טאָג פון ערשטן שניי.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען מײַן וועג.

און איצט — בלויז די שול. איך ווייס, אַז נישט זי איז שולדיק, אָבער איך בין טרויעריק. נו, וויזשע אַנדערש? — אױף דער באַנק — פינף שאָ — דערצו לייענען — מאַכן אויפגאַבעס.

— לערערן, שניי איז געפאַלן.

— איאָ, לערערן?

די לערערן שטילט־איַין מילד, דערנאָך שוין שטרענגער. זי ווערט אומגעדולדיק, אָבער זי קאָן נישט זאָגן גיין, זי פילט דאָך, אַז מיר זײַנען גערעכט. ווײַל ס'איז דאָך טאַקע געפאַלן.

— לערערן.

— שטיל.

דערנאָך:

— ווער ס'וועט זיך אָנרופן — ווער ס'וועט אַ פּיפּס טאָן — צום לעצטן מאָל זאָג איך אײַך...

זי דראָט.

זײַנען ווידער, הייסט עס, מיר שולדיק? דאַווקע מיר? הייסט עס, נישט דער שניי איז שולדיק, נאָר טאָמיד מיר?

מיר זײַנען געשלאָפן — באַנאַכט — מיר האָבן אַפילו נישט געזען, אונדזערע עלטערן קאָנען דערויף איידעס זאָגן — ער איז טאַקע אַראָפּ־געפאַלן פון הימל. און אויב מען טאָר נישט ריידן, אויב מען דאַרף מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מיר האָבן נישט געזען, אַז מיר ווייסן נישט; אויב ס'איז שלעכט, מיעס, אַז מיר ווייסן און פרייען זיך אַפילו — מיילע, איז פאַרפאַלן. זאָל זײַן אַזוי.

בלויז איינער שטייט אין ווינקל.

איך ווער שטיל אַזוי ווי אַלע אין קלאַס. עטלעכע אומרויִקע בליקן אין פענצטער און איינער אַ לעצטער צו דער לערערן — אַ האַפענונג־בליק, אַז עפּשער דאָך. און עס ווערט שטיל. עס גייט בלויז די לעקציע.

נישטאָ קיין צוועלף שאָסן פון ווײַסער פרייד פאַר די קינדער.

איינער זאָגט עפּעס אַן אומינטערעסאַנטע זאַך.

איך עפן דעם פענאַל און צייל וויפל פעדערס איך האָב.

— איינס, צוויי, דרײַ... אַ קרייצל, אַ קעזל, אַ זעקסערל, אַן אייגל. אַ שענקעוויטש — צוויי, דרײַ קרייצלעך. איינס — צוויי — דרײַ — פיר — פינף. איינע איז אָן אַ שפּיץ — דער שפּיץ איז אָפּגעבראָכן: וועט שוין אוואַדע נישט שרײַבן.

איך נעם אַרויס, פּראָביר: זי שרײַבט, אָבער גראָב.

— עלף פעדערס, עלף.

און דערנאָך שוין גאָרנישט.

מען דערציילט עפּעס לאַנגווײַליק וועגן אַ יינגל, צי וועגן אַ דאָרפֿס־מאַן.

איך גענעץ.

— מען טאָר נישט בעיים דער לעקציע גענעצן.

אַ שאָכן האָט מיר געגעבן אַ שטופּ, אַז איך זאָל אויפשטיין. איך שטיי-אויף. איך האָב מיך מעשאער געווען, אַז איך האָב אַ גענעץ געטאָן און אַז די לערערן האָט מיך געמיינט.

— זיץ גלײַך, שפּאַר דיך נישט אָן.

איך זיץ גלײַך, איך שפּאַר מיך נישט אָן. איך גענעץ ביגנייווע.

— איך בעט קוקן אַפן טאָוול. איך קוק אַפן טאָוול און זע, אַז אינדרויסן פאַלט ווידער שניי, אָבער ער גייט מיך שוין אפילע נישט אָן.

איך זיץ שטילינקע.

— כאַזער איבער.

וואָס?

— שטעל דיך אין ווינקל. דו הערסט דיך נישט אײַן.

איך שלעפּ מיך צום ווינקל.

— גיכער.

עמעצער האָט זיך צעלאַכט. אָפּט צעלאַכט זיך ווער אין קלאַס און מען ווייסט נישט פאַרוואָס. און עס טרעפט, אַז אַלע צעלאַכן זיך נאָך אים.

די פּיס טוען ווי. נישט זיי טוען ווי, נאָר ברעכן זיך אײַן. מאָדנע. איך וואָלט געהאַט גענוג קויעך אַף אַרומצולויפן, פאָרן אין אַ שליטן, גליטשן זיך. און איצט — נישט שלעכטער ווילן, נישט אַקשאָנעס, נישט פוילקייט, נישט דער שול־ייִנגלשער „צולאָכעס", נאָר אַן אויפריכטיקער, אָרנטלעכער, ערלעכער, ווייטיקדיקער: „כ'קאָן נישט". גלײַך ווי עס וואָלט מיך עמעצער גענומען אין דער האַנט און צעבראָכן, — ווי אַ שפּענדל.

אַ האַרבע שטראָף — אין ווינקל. איך בין שוואַך, עס האָט מיך מיד געמאַכט דאָס זיצן אַף דער באַנק. האָב איך מיך אָנגעלענט, איך האָב נישט געקאָנט גלײַך. אַצינד מוז איך שטיין.

איך טרייסט מיך:

— בעסער אין ווינקל. אויב זיי וועלן אָנהייבן אַרומשטיפּן, וועל איך נישט זײַן מיטפאַראַנטוואָרטלעך.

און זיי קענען טאַקע אָנהייבן.

וואָרום אונטער דער שטילקייט פון קלוימערשטער רו טליעט אַ פאַר־באָרגענער פּאַרדרוס, אַ ביישעק אָפּצוצאָלן, וואָס וואַרט בלויז אויף אַ רוף. וועט זיך געפינען אָדער וועט זיך נישט געפינען אַ דרייסטער יונג. וואָרום אויב עס וועט נאָר אַצינד עמעצער אָנהייבן, וועט עס זיך שוין נישט ענ־דיקן מיט אַ קליינער אוואַנטורע. איך ווייס שוין — איך קען דאָס.

איז אָט האָט עמעצער אַרייַנגעשטאָכן אַ פּעדער אין באַנק, דריקט־צו, לאָזט־נאָך — און עס זשומעט. די לערערן האָט נאָך נישט דערהערט, אָבער מיר הערן, — באַלד פון דעם ערשטן אומדרייסטן מאָל. כאַפּן אַזאַ איינעם איז שווער, וואָרום ער האָט אַרייַנגעשטאָכן די פּעדער טיף אינע־ווייניק אין שטענדער, — און ווי נאָר ער טוט אַ דריק, איז באַלד — דזש־דזש־דזשען!

אַצינד שוין העכער.

— ווער צימבלט דאָרט?

נישטאָ קיין ענטפער.

אַצינד זייַנען שוין דאָ צוויי, אויף צו בייַטן זיך.

ווען וועט זיך שוין ענדיקן די דאָזיקע לעקציע? עס קאָן דאָך אַזוי נישט דויערן אייביק. עס זאָל כאָטש הענגען אַ זייגער אויף דער וואַנט. פאַרוואָס איז נישטאָ קיין זייגער? פאַרוואָס ווייסט די לערערן, בלויז מיר בלייַבן אין האָפענונגלאָזיקייט, אין פאַרצווייַפלונג.

— איך פרעג, ווער צימבלט. אָלשעווסקי, דאָס איז דו?

— וואָס? איך ווייס פון גאָרנישט.

— טאָ ווער?

— איך ווייס גאָרנישט, און די לערערן באַלד אויף מיר.

דער קלאַס וועקט זיך פון דרימל. עס הייבט אָן ווערן אינטערעסאַנט. מיר וואַרטן אויף אַ נייַ, שוין ריזיקאַליש צימבלערייַ. די לערערן האָט זיך שוין געכאַפּט, פון וועלכער זייַט עס קומט. אַצינד וועט זיך אָנרופן אַ דריי־טער, קעדיי די לערערן צו צעכושן. ער נעמט אַוודע אַצינד אַרויס די פּעדער פון האַלטער, מאַכט אָן אומשולדיקע מינע, שטעקט אַרייַן די פּע־דער אין האַלץ.

— פאַרלייגט די הענט אויף אַרונטער.

ענדלעך דאָס גלעקל.

איך פֿאָרשטעל מיר שוין אַצינד, פֿאַרוואָס די שול פֿאָדערט, עמעס מיט אַ געוויסער זשעניִרטקייט, אַז די הענט זאָלן זײַן פֿאַרלייגט און מען זאָל אַרויסגיין פֿון קלאַס פּאָרווײַז.

ווײַל מיר טוען זיך אַ ריס — אַלע צוזאַמען, ווי אַ כמאַרע, ווי אַ שטורעמווינט — צו דער טיר.

די טירן אין שולן דאַרפֿן זײַן ברייטע אָפֿן פֿאַל פֿון אַ סרייפֿע און פֿאַר אַזעלכע שנייִקע טעג.

מיר שטופּן זיך, מיר אײַלן זיך, קעדיי גאָרנישט — גאָרנישט — אָנצוּווערן, קיין איין מינוט אַפֿילע נישט. מיר מוזן זיך אַרויסראַטעווען, אָבער מיר האָבן פֿאַר זיך אַזאַ מעהאַלעך, אַזויפֿיל מעניִעס. שמאָלע טירן, און ענגער קאָרידאָר, שטיגן, אַ פֿאָדערהויז. און אַלע מוזן מיר זײַן די ערשטע אָפֿן הויף. איז עפֿענען מיר זיך אַ וועג מיט די עלנבויגנס, מיט די קני, מיט דער ברוסט, מיטן קאָפּ, וואָרום עס פֿאַרפֿעלט אָטעם, די הענט ברענען צום קאַלטן שניי.

עס האָט אַ מיניע געטאָן פֿאַר די אויגן — און פֿאַרטיק.

די ערשטע בעסטע שנייקויל און בענץ! — געוואָרפֿן דעם ערשטן בעסטן. ער וועט זיך נישט בייזערן. — אַזאַ ווונדערלעכע, הערלעכע שפּיל וועט זײַן. און קיינער וועט אונדז נישט שטערן. קיינער וועט זיך נישט דערוועגן, נישט ריזיקירן.

דער פֿאָרטיער ווייסט, אַז מען וועט אים פֿאַרבלאָטיקן די שטיגן. די לערערס האָבן זיך באַהאַלטן אין דער קאַנצעלאַריע און רייכערן פּאַפּי־ראָסן. די לערערס מאַכן זיך קעלוי יאָדע, וואָרום עס פּאַסט נישט. דאָס זײַנען אונדזערע צען מינוט. און זיי צו פֿאַרטיידיקן זײַנען מיר לאַווינע, אַ הוראַגאַן, אַ נאַטור־עלעמענט.

עס איז אַ קאַמף מיט שנייקוילן אַף אַ גרעסערן מערכעק און אַף צו דערלאַנגען מיט דער האַנט. קענען איינצלנע און קענען אַלעמען. אַ קאַמף, ווו עס איז נישטאָ קיין סאָנים, ווו מען וויל קיינעם נישט קיין אוולע טאָן, אָבער מען מוז דורכויס אַרויס ווי אַ זיגער. מען ציילט נישט די געגעבע־נע און באַקומענע קלעפּ, מען קאָנטראָלירט נישט דעם רעזולטאַט פֿון די שאָסן און מען פֿילט נישט די קלעפּ, וואָס מען האָט אַרײַנגעכאַפּט פֿון הינטן. אַבי נאָר ביזן סאָף אויסהאַלטן אָפֿן פּלאַץ דעם שטורעם פֿון דער אַטאַקע.

אַט איז שוין עמעצער צו שווער אומגעפאַלן, אַט באַקומט שוין איי־נער עפּעס — אַ ריס אין רעקל, אָדער אין די הויזן — און די ערשטע טרערן שטייען שוין אין די אויגן.

מיר זעען נישט קיין ריסן, עס רירן אונדז נישט קיין טרערן. אי־בעררײַסן די שפּיל קאָן בלויז עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך: סײַדן אַן אויסגע־האַקטע שויב, אָדער בלוט. כאָטש ווער ווייסט, צי דאָס וואָלט מיטאַמאָל איבערגעריסן די שפּיל, וואָרום עפּשער בלויז נאָר אַף דעם נאָנטסטן אָפּ־שניט.

נישטאָ קיין פּלאַן, נישט קיין אָנפירער. יעדער קעמפט מיט יעדן, יעדער איז פאַר זיך קעגן אַלע. בלויז צופעליקע, פאַרבײַלויפנדיקע שוט־פעסן.

אַט שיסן מיר אינדרײַען אַף איינעם. מיר האָבן אים צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. ער ווערט זיך, אָבער דער רינג ווערט שמעלער. ער האָט שוין אויסגענומען דעם גאַנצן שניי פון אונטער די פיס, ער שלײַדערט שוין נישט קיין קוילן, מאַכמעס עס פעלט אים צײַט, נאָר גלאַט אַזוי אין צע־טומלעניש מיט אומשעדלעכן שניי. ער קאָן זיך שוין נישט אַראָפּבייגן, ווײַל מיר שטייען ברוסט קעגן ברוסט.

— גיסט זיך אונטער?

ניין!

ער איז גערעכט.

וואָרום איינער פון די דרײַ האָט פּלוצלינג אין אימפּעט אַ שלײַדער געטאָן אַ קויל אין אַ קאַמף־שוטעף. פּאַראַט — אַ צעטומלעניש אין דער אַטאַקע. אייגנטלעך נישט קיין פּאַראַט, נאָר אַ צייכן, מען זאָל זיך פֿור־נאַנדערשפּרייטן און זיך לאָזן לויפן אַף אינטערעסאַנטערע ערטער.

גאַנץ גוט, וואָס ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, וואָרום אָט קומט אים אונטער אין דער לעצטער רעגע הילף. מיר קריגן פּלוצלינג אַ האָגל קוילן אין די אומבאַשיצטע רוקנס. און ער האָט זיך בעייסן טומל אַרויס־געדרייט, אָפּגעשוואַכט, ווײַס פון קאָפּ ביז די פיס, אָבער נישט באַזיגט.

נאָר אָט כאַפּט איינער פון די דרײַ דעם לעצטן, צוליב אײַלעניש נישט צוזאַמענגעקלעפּטן שנייבאַל — אַ זשמעניע שיטערן שניי — און שטופּט אַרײַן אין מויל, אָדער טוט אַ שמיר איבערן פּאָנים און צעקראַצט

עס מיט אַ פֿאַרבלאָנדזשעט שטיינדל, אייגנטלעך טאָר מען דאָס נישט, אָבער ווי קענען אין אַ שלאַכט זײַן קלאָלים?

אָדער גאָר אַזוי, מיר צעלויפֿן זיך פּלוצלינג, נישט ווייסנדיק מיט וועמען מיר האָבן געקעמפֿט און קעגן וועמען.

עס מישט זיך אויס דער גאַנצער אוילעם אין די אָפּטיילונגען. עס מיניען פֿאַרבײַ באַקאַנטע פּענימער, האַלב־באַקאַנטע, פֿאַרבײַגייענדיקע גע-זעענע און אינגאַנצן פֿרעמדע.

מיר ראַנגלען זיך נישט מיטן מענטש, נאָר מיט דער צײַט. יעדע מי־נוט מוז אויסגענוצט ווערן — אַ שאָד יעדער ברוכטייל פֿון אַ סעקונדע. יעדע מינוט ווערט אויסגענוצט, אויסגעקוועטשט, אויסגעזויגן ביזן לעצטן טראָפּן האַנאָע פֿון באַוועגונג.

אָט ליגן מירביידע אין שניי. איך אויבן. איך לאָז נאָך בעקיוון, קע־דיי צו געבן אַ מעגלעכקייט פֿון רעוואַנש, איין רעגע ליגן אונטער אים. איין אויגנבליק. — ער האָט פֿאַרשטאַנען. — מיר גיבן זיך ביידע אַ שטעל אַף די פֿיס און מיר לויפֿן צוזאַמען, זיך האַלטנדיק פֿאַר די הענט אָדער אין פֿאַרשידענע זײַטן.

איין אַמביציע: אויסשעפּן אַלע מעגלעכע קאַמף־סיטואַציעס. אויפֿ־כאַפּן און אײַנשלינגען וואָס מער אײַנדרוקן. אויפֿגעטרייסלט ווערן מיט יעדן געוועב פֿון די מוסקולן און נערוון. אויפֿאָטעמען מיט פֿולע לונגען. צום טויזנטסטן מאָל לאָזן דורכפּליסן דורכן האַרץ די האַרטע כוואַליע פֿון בלוט.

וואָרום אויך מיר קענען זיך פֿאַרכלינען פֿון טײַנעג — נישט סיין רויטן נאָר ווײַסן. און קיין זאַך וועט נישט פֿאַרגעסן זײַן. און אין דער פֿאַרמאַטערטקייט פֿון דער נאָענטסטער שאָ אין קלאַס וועלן מיר פֿאַר־דײַען די איינצלנע מאָמענטן פֿון די שיינע רעגעס, די שטאַרקע אויפֿ־טרייסלונגען.

קינדער וואַקסן, — נישט עמעס? דער קערפּער און דער גײַסט זייע־רער וואַקסט — איך וואָלט געוואָלט דערווײַזן וויסנשאַפֿטלעך, אַז צום מינסטן בעיים אַזעלכע האַפּסאָקעס. — קעדיי איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל אי־בערצוצײַגן.

אָבער אָט קלינגט דאָס גלעקל. שאַדט נישט. נאָך בעסער. דאָס גלעקל גיט־צו אימפּעט דער שפּיל. אַזוי ווי דער אָרקעסטער דעם זעלנער בעייסן

מאַרשירן. אויב פֿאַר דעם קלוגג האָבן מיר נאָך אַ טראָפּעלע געזשאַלע־וועט די קויכעס, איז אַצינד שוין נישט. ביז לעצט, ביזן גרונט, ביזן סאַמע סאָף — שוין אינגאַנצן — אַלע ברעקלעך קויעך — ווי אין אַ ווײַסן מאַ־זור — אַרײַנוואַרפֿן אין דער לעצטער מינוט פֿון קאַמף.

עס איז אַ דעצידירנדיקע, סאַקאַנעסדיקע, צעטראָגענע מינוט. דע־מאָלט, ווען ס'איז שוין נישטאָ פֿאַראַן קיין אויסרעכענונג, אָדער יִשׁועו האַדאַס, דאַווקע דעמאָלט — צעבערעכט זיך אָפּט אַ שויב, ווערט פֿאַרלוירן אַ צו שטאַרק געשלײַדערטער באַלעם, צעברעכט מען זיך אַ פּוס. דאַווקע דעמאָלט קאָן זיך פּלוצלינג צעפֿלאַקערן אַ קוריץ, אומגעריכט, פֿאַרביסן געשלעג; און דו שלאָגסט זיך — נישט ווײַל דו האָסט יענעם פֿײַנט, נישט ווײַל דו האָסט מיט אים אַלטע כעשבוינעס, נאָר ווײַל — דאָס גלעקל רופֿט שוין צוריק אין קלאַס אַרײַן. ער האָט אומגערן דיר אַ שטופּ געטאָן אָדער געגעבן אַ קלאַפּ — פֿאַרן גלעקל וואָלסטו אים מויכל געווען, וואָלסט עס אַפֿילע נישט באַמערקט, אָבער אַצינד, נאָכן גלעקל — האָסטו עס דערפֿילט און ביסט נישט מויכל. שפּעטער ווונדערסטו זיך אַליין און שעמסט זיך און האָסט כאַראָטע. און די כאַווײרים פֿילן דיר מיט און זיי באַדויערן, וואָס זיי האָבן זיך נישט אַרײַנגעמישט באַצײַטנס.

וואָרום ס'איז אַ שאָד, וואָס אַזאַ שיינע שפּיל איז קאַליע געוואָרן.

אַ שיינע?

ווי אָרעם איז דאָס מענטשלעכע לאָשן. וואָרום וואָס דען וועסטו זאָגן?

— מיר זײַנען אַרומגעלאָפֿן. עס איז געווען פֿריילעך.

און שוין.

ווען איך זאָל זײַן דער שול־דינער, וואָלט איך נאָך די פּויזעס אין אַזעלכע שנייִיקע טעג געקלונגען לאַנג, לאַנג. וואָרום קאָלזמאַן עס קלינגט — מיר גיבן זיך נאָר נישט אָפּ קיין כעשבן — פֿלעגטן מיר אַרײַן אין דער שפּיל אויך דעם אָפּהילך פֿון גלעקל. ערשט ווען עס הערט אויף קלינ־גען, אין דער ערשטער שטילקייט דערנאָך, איז די שפּיל שוין אומלעגאַל — צעטראָגן, אומזיכער. עס צעפֿאַלן זיך שוין די רייען. די מער דיסציפּלי־נירטע ציען זיך צוריק, דו באַמערקסט אַ נישט דעצידירטקייט אין די באַוועגונגען, אַן אומזיכערקייט אין די אויגן, דו פֿאַרלירסט דעם צוטרוי, דעם גלויבן, ביסט אַליין אין זיך נישט גענוג זיכער, דו ווייסט, אַז מען דאַרף אָפּטרעטן, אָבער דאָס איז דאָך אַ מאַפּאָלע, דעזערציע, פֿאַראַט.

עס ווערט שטיל, אָבער יעדע רעגע קאָן אין דער דאָזיקער שטילקייט אַרײַן אַ קלאַפּ טאָן די בײַטש פון צווייטן קלונג. און עס וועט זײַן צו שפּעט.

מיר לויפן צום פּאָדערהויז. דאָרט וועט אונדז אַוואָדע פּאַרזיכטיק אָפּשטעלן דער, וואָס איז מעמונע אַכטונג צו געבן אַף דער ריינקייט אין די קאָרידאָרן.

— די פּיס אָפּרייניקן!

און אָט אַצינד דאַווקע האָט עמעצער אַ שלײַדער געטאָן די לעצטע, האַרטע, שטאַרק צונויפגעפּרעסטע שנייקויל אין דעם צענויפגעקנוילטן אוילעם בא דער טיר. צי די האַנט האָט אַ ציטער געטאָן, צי דאָס אויג האָט אָפּגענאַרט, אָדער דער פאַרבאָרגענער באַשלוס פון צוריק אָפּצאָלן האָט געשטערט גוט צו צילעווען — גענוג, אַז נישט אין אונדז, נאָר אין פענצטער אַרײַן.

ווען איך וועל ווידער זײַן אַ גרויסער, וועל איך דעם דאָזיקן איניען באַרירן אָפן און קלאָר, איך וועל אים אַוועקשטעלן אַפן טאָג־אָרדענונג:

ווי פל שויבן אַ יאָר האָבן מיר דאָס רעכט צו צעברעכן? דו זאָגסט: קיין איינע נישט? — אומזין. — גלייבסט אַליין נישט.

גלאָז דאַכט זיך האָבן דערפונדן נאָך די פעניציער. און דורך אַזויפיל יאָרהונדערטער האָט מען נישט געקאָנט צוטראַכטן עפּעס פעסטערס? — וואָסזשע טוען די כעמיקער און פיזיקער אין זייערע לאַבאָראַטאָריעס? צי קאָן מען טאַקע נישט מאַכן עפּעס אַנדערש?

זאָלן זיך די שויבן נישט ברעכן. זיי זײַנען שולדיק, נישט מיר.

פאַרוואָס דאַרפן מיר פלוצלינג בלײַבן פאַרגליווערט, אומבאַוועגלעך אין פּאַכעד? ווארטן אָפן אומגליק? פאַרוואָס דאַרף איך, אומשולדיקער, מיך באַהאַלטן, אַנטלויפן פון אָרט, ווו דאָס פאַרברעכן איז פאָרגעקומען? פאַרוואָס זײַנען מיר אַלע צופעליק אָנוועזנדיקע פלוצלינג געוואָרן פאַר־ברעכער?

פאַרוואָס נאָך די בלויז פינף, זעקס מינוט פויזע דאַרף איך מיך אָנטרעפן מיט דעם בייזן בליק און גרוידזאַמער פראַגע:

— ווער?

— נישט איך.

און כאָטש איך זאָג דעם עמעס, פיל איך, ווי איך זאָל זאָגן ליגן. איך וואָלט באַדאַרפט זאָגן:

— עס איז אַ צופאַל, וואָס נישט איך.

איך ווייס, אַז עס זײַנען דאָ סימאָנים. עס באַשולדיקט מיך דאָס באַשנייטע אָנטועכץ. איך האָב געוואָרפן שנייבאַלן, אַזוי ווי אַנדערע, אַזוי ווי אַלע. מען מעג דאָך. און עפּשער — עפּשער נישט. איך אײַל מיך אין קלאַס אַרײַן. איך וויל אָנקומען אין צײַט, איך וועל אַוואַדע אָנקומען. — און עפּשער — עפּשער בין איך טאַקע שולדיק, ווײַל איך האָב נישט אויפגעהערט באַלד נאָכן ערשטן קלונג. אָבער צי קאָן מען אַזוי באַלד, גלײַך?

— איך נישט.

איך האָב געוואָרפן עטלעכע לעגאַלע, אומשולדיקע שנייבאַלן. — טאַקע עטלעכע? — איך ווייס נישט וויפל. — צי דאַרף מען רעכענען די אינגאַנצן פאַרענדיקטע, געאָמעטרישע באַלן, אָדער אויך די האַלבע און פערטל־באַלן, וואָס איך האָב געוואָרפן אין אײַלעניש?

און דאָך האָט זיך געפונען — פּו — דער מיעסער ליגנער, וואָס זאָגט:

— איך בלויז: צוויי באַלן, דאָרט — ווײַט.

— דרייער — אָפּנאַרער — ליגנער.

מיר זײַנען אַלע סאָלידאַריש אַרײַנגעפּלאָנטערט אין אומגליק. מיר פילן, אַז אַפילע דער ערגסטער צווישן אונדז איז אויך אומשולדיק. וואָרום אינדערעמעסן האָט דער צופאַל צעבראָכן די שויב, עס האָט זי נישט צעבראָכן דער, וואָס האָט זי צעבראָכן, נישט קיינער. אַזוי פילן מיר אין דעם מאָמענט, אָבער קעדיי נישט צו בלײַבן פאַרשעמט, טאָר מען גאָרנישט מער זאָגן ווי אַ קורצן:

— נישט איך.

און אָן כיישעק. אַפילע דאָס דאָזיקע אָן כיישעק, געצוווּנגענערהייט בלויז.

וואָרום זאָגט מיר, אַדעראַבע, צי טאָרן מיר טאַקע נישט אויסהאַקן קיין איין שויב אַפילע? און אויב מען מעג כאָטש איינע אַ יאָר, צי קאָן דאָס נישט זײַן אָט די דאָזיקע טאַקע און גראָד אַצינד?

איך ווייס, אַז איר וועט נישט ענטפערן, וואָרום איר קענט נישט,

איר פֿארשטייט נישט דעם שניי. איר ווילט אים אַפֿילע נישט קענען, איר זײַט אים מעוואטל.

וועל איך אײַך טאַקע זאָגן.

אַזעלכע פֿויזעס ווי די הײַנטיקע האָט אַ מענטש נישט קיין סאַך אין זײַן לעבן. טיילמאָל דורכן גאַנצן ווינטער איז נישטאָ קיין איינע אַזעלכע. וואָרום עס מוז זײַן וואַרעם, אַז נישט וועט דער שניי זײַן קרישל־דיק און דו וועסט נישט קענען מאַכן קיין באַלעס. און די הענט ווערן צופֿיל געפֿרוירן. דער שניי מוז זײַן פֿײַכט און טיף. צו וואַרעם דאַרף ער אויך נישט זײַן, וואָרום ער וועט דאָך צעגיין. ער מוז פֿאַלן באַנאַכט אָדער גאַנץ באַגינען, אַז מען זאָל נאָך נישט באַוויזן אים אָפּצורוימען. ער מוז זײַן פֿריש, אומבאַרירט, עס זאָלן זיך נישט געפֿינען אין אים נישט קיין אײַז־שטיקלעך, נישט קיין ברעקלעך ערד. מיר, די מעווינים און פֿאַרערער פֿון שניי, פֿילן דאָס אַלצדינג זייער טיף אין דער נעשאָמע.

מיר ווייסן, אַז איר זײַט פֿון אונדז נישט צופֿרידן. עס טרעפֿט, אַז איר זײַט גערעכט. — עמעס, מיר האָבן ליב צו שפּרינגען אויף דער סאָפּע. איר זאָגט, אַז די סאָפּע ווערט קאַליע, אַז די ספּרוזשינעס ווערן צעבראָכן. נישט מיטאַמאָל, נישט באַלד. אַ סאָפּע, אויב מען זאָל נישט שפּרינגען, קאָן אויסהאַלטן צענדליקער יאָרן. מיר גלייבן, האָגאָם אינגאַנצן צען יאָר אַלט, האָבן מיר דאָס נישט געקאָנט קאָנטראָלירן.

איר דערלויבט נישט צו צעקנאַקן ניס מיט דער טיר. די טיר ווערט קאַליע. דאָס איז שוין גאָר אַ כידעש. אַ טיר — דאָס האָט דאָך שוין צו טאָן מיט אַ הויז. הײַזער זײַנען הויך, שטאַרק, האַלטן זיך הונדערטער יאָרן. אָבער זאָל זײַן אַזוי.

אַפֿילע אויף די קליאַמקעס טאָר מען זיך נישט הוידען, וואָרום באַטש פֿון אײַזן, קאָנען זיי צעבראָכן ווערן. מאָדנע! מיר לעבן ערשט נישט לאַנג, מיר קוקן זיך ערשט אַרום. און איר און די גאַנצע וועלט — איר זײַט מאָדנע. אָבער אין קיין שלעכטע קאַוואָנעס זײַנען מיר אײַך נישט כויד־שעד. אײַזן ברעכט זיך? מאַסקים.

מאַלבושים רײַסן זיך. לײדער.

שויבן ברעכן זיך. און פֿון אַ ליאַדע וואָס. — זיי צעברעכן זיך אַליין, נישט מיר. די וועלט איז האַרט און נישט נאָכגיביק. איך בין אַנידערגע־פֿאַלן אויף דער ערד און מיך צעמאַזיקט, איך האָב מיך צעשלאָגן אָן דער

וואַנט, אַן פאַראַפּעט פון פענצטער, אַן דער שאַנק, אַן טיש, אַן אַ קאַנט, אַן אַ ראָג — עס טוט ווײ, אָפּטמאָל שטאַרק ווײ.

און מיטאַמאָל האָט דער גוטער גאָט אויסגעשפּרייט פאַר אונדז, פאַר די קינדער, אַ ווײַסן טעפּיך, אַזוי ווי אַ פויגל בעט־אויס מיט פעדערן די נעסט פאַר די קליינע אויפעלעך. קיין גרין גראָז איז נישט פאַראַן אין ווינטער און עס וועט אַזוי גיך נישט זײַן. און אַז עס וועט זײַן, איז עס אַרומגעצוימט, און מען טאָר נישט טרעטן דערויף. אָבער מיט שניי מעג מען טאָן, וואָס מען וויל.

פאַראַן שנייקוילן אומשולדיקע, פאַראַן בייזוויליקע, פאַראַן אײדעלע ווי פון ביקסן, רישעסדיקע — דום־דום — פאַרבאָטענע דורכן הומאַני־טאַרן מילכאָמע-געזעץ. פאַראַן קאַרטעטשן, באָמבעס און גראַנאַטן. אין פאַר אײַך נאָר — שנייבאַלן, וואָס צעהאַקן שויבן. פאַרפאַלן: מילכאָמע.

און דערצו נאָך צופעליק נישט איך.

— טאָ ווער?

אַ הייב מיט די אַקסלען.

— איך ווייס נישט.

איך ווייס טאַקע נישט. אויב איך ווייס אפילע, ווייס איך אויך נישט. מיר דאַכט זיך נאָר בלויז, אַז ער. איך וועל אַוואַדע זיך דערוויסן, אויב איך וועל רויִק נאָכפרעגן, נאָכטראַכטן, — איך בין דאָך נישט אינגאַנצן זיכער, אַז ער, פונקט ער, נישט קיין אַנדערער.

איך בין דאָך געלאָפן, ווײַל עס איז שוין געווען נאָכן גלעקל, ווײַל עס איז שוין געווען שפּעט. אַ פאַרמאַטערטער, אַ פריילעכער און מיט מוי־רע. האָט זיך מיר געקאָנט אויסדאַכטן.

צוויי זײַנען דאָרט געווען. מיסטאָמע איז עס איינער פון זיי. עמעצנס אַ פּאַנים האָט אַ מיניע געטאָן און איז פאַרשוווּנדן. עפּשער טאַקע דער דאָזיקער דריטער? עפּשער עפּעס אַ פאַרבלאָנדזשעטער שנייבאַל? מען מוז פּעסטשטעלן; דאַרף מען דאָך דערצו צײַט, און דער לערער, אַז שוין.

איבריקנס זאָלן אַנדערע זאָגן — עפּשער זײַנען זיי געשטאַנען נענ־טער, עפּשער האָבן זיי בעסער געזען.

און מיר שטייען לאַנג, אָנגעכמורעט, אומדערטרעגלעך. און איך פרעג

אײַך, אין וואָס פאַר אַ זעלטענעם פאַל קאָן זיך אַזעלכעס טרעפן מיט דערוואַקסענע. איך ווייס נאָר בלויז פון אײנעם אַזאַ.

אײנמאָל בעשאַס אַ דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער איך האָב מיך באַטײליקט, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ שאָס. פּאָליציי רינגלט אונדז אַרום: ווער האָט געשאָסן? אָבער אַזוי ווי איך בין אומשולדיק, ווייס איך, אַז עס וועט זײַן אַן אויספאָרשונג, און יעדער פאַר און קעגן וועט גענוי באַטראַכט ווערן. וואָס שײַך אָבער אונדזער איניען, דערלײדיקט מען אים — אַבי יויצע צו זײַן. פאַרוואָס איז עס אַזוי? פאַרוואָס טוט מען אונדז אַזוי אָפּט אומזיסט אַן אַוולע? פאַרוואָס מעג מען אַ קינד אומגערעכט באַשטראָפן און מען קוקט דערויף ווי אַף אַ קלייניקייט און מען איז דערפאַר פאַר קײנעם נישט פאַראַנטוואָרטלעך?

די לעקציע פון רעליגיע איז דורך רויִק.

איך האָב געטראַכט פון יויסעפן, וועלכן פאַרע האָט אַרײַנגעוואָרפן אין טפיסע. יויסעף איז פויסער כאַלוימעס. דערנאָך איז אים געווען גוט, אָבער ווי שווער איז צו זײַן פאַרקויפט דורך אייגענע ברידער, בייזוויליק אָנגעקלאָגט, און צו זיצן לאַנגע יאָרן אַ געשמידטער אין קייטן אין אַ פינצטערן גרוב. אָט בין איך נישט לאַנג געשטאַנען אין ווינקל, און וויפל האָב איך מיך אָנגעליטן. איך בין געשטאַנען אין קלאַס, וווּ עס זײַנען דאָ פענצטער, איך האָב געוווּסט, אַז עס וועט דויערן בלויז ביז צום קלונג. פאַרוואָס ווייסן מיר נישט, וויאַזוי עס האָט אויסגעזען די טפיסע אין מיצראַיִם, ווי לאַנג יויסעף האָט זיך געפּײַניקט. עס איז מיר אַ ראַכמאָנעס אַף יויסעפן, איך וויל אים מיטפילן, אַזוי ווי ער האָט פאַרדינט, און איך ווייס אָבער נישט. דעמאָלט ווען די עסקימאָסן האָב איך געוואָלט ווייסן אַלצדינג, און אַצינד וועגן יויסעפן. קאַשעס האָב איך אַ סאַך צו פרעגן, — פאַרוואָס האָבן די דערוואַקסענע נישט ליב אונדזערע קאַשעס. אָבער דאָס איז דאָך געשען שוין לאַנג און ווײַט, טאָ קענען זיי אויך נישט ווייסן. פאַרוואָס האָבן די דערוואַקסענע נישט ליב מוידע צו זײַן, אַז זיי ווייסן נישט, נאָר זיי קוקן אַרײַן אין די ביכער, אָדער זיי פרעגן עמעצן, וואָס ווייסט בעסער. זיי ווייסן עפּשער נישט, נאָר זיי זײַנען זיך מעשאַער. זיי איז גרינגער.

פאַרצײַטנס איז אין דער שול אַפילע נישט געווען קיין בילדער. פאַר מײַנע צײַטן איז נישט געווען קיין קינאָמאַטאָגראַף. ווי אַרום זײַנען די

קינדער־יאָרן געווען אָן קינאָ. מען האָט גערעדט וועגן בערג, יאַמים, מידבאָריעס, פּאַרצײַטיקע מילכאָמעס, ווילדע פעלקער. און עס איז אין אונדז וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואַקסן דער כײשעק דאָס אַלצדינג צו זען. — הײַנט, ווען מען גייט אַרויס פון דעם פינצטערן קינאָ־זאַל, קאָן מען כאַטש זאָגן:

— איך בין געווען דאָרט — איך האָב געזען.

עס וועקט מיך אויף פון די מאַכשאָוועס עפּעס אַ שאַרף אין קלאַס. מיר זײַנען ווידער אויסגערוטע און פאַרבענקט נאָך די צוועלף האַרמאַטשאָסן.

די פּלייצעס טוען וויי, איך האָב דאָס ערשט איצט דערשפּירט. דער שנייבאַל האָט געמוזט זײַן האַרט. עס איז אָבער אָנגענעם אַזאַ קליינער ווייטיק. ווי אַ סימען נאָך אַ וווּנד, וואָס אַ טאַטע ווײַזט דעם זון. אַ שטאָלצער, נישט ווייטיקלעכער ווייטיק, וועגן וועלכן מען זאָגט:

ס'איז גאָרנישט. אַ נאַרישקייט.

איך דריי מיך אום, קעדיי אַ קוק צו טאָן אויף יאַנעקן, און דערלאַנג אים גלײַך אין שטערן אַרײַן, אַז דאָס היטל איז אים אַזש אַראָפּגעפאַלן. ער האָט גלײַך דערפילט מײַן בליק. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, מיט אַ בליץ מיט די אויגן אָפּגעענטפערט:

איך וועל געדענקען. אָבער וואַרט: עס וועט זיך באַלד ווידער אָנהייבן. איך וועל נישט שענקען.

איך ווייס נישט, צי מיר שמייכלען עפּשער, צי די דערוואַקסענע. איינס אָבער איז זיכער, אַז זייערע שמייכלען זאָגן ווייניק, און מיר אונדזערע פאַרשטייען גוט; טיילמאָל זאָגט מען מער מיטן שמייכל, ווי מיט ווערטער.

אַ פּילזאָגנדיקער בליק און אַ פילזאָגנדיקער שמייכל. זיי ווייסן האַפּאָנים דערפון, וואָרום מען פאַרווערט אונדז זיך אומצוקוקן און צו שמייכלען אין קלאַס.

ווען איך וועל ווידער זײַן אַ לערער, וועל איך פּרוּוון מיך צו פאַרשטענדיקן מיט די שילער. קעדיי עס זאָלן נישט זײַן אַזוי ווי צוויי פײַנטלעכע לאַגערן: פון איין זײַט דער קלאַס, און פון דער צווייטער דער לערער מיט עטלעכע כניפעניקעס. איך וועל פּרוּוון, עס זאָל זײַן אויפריכטיקייט.

אזוי לעמאָשל וועל איך אין אזא טאָג פון ערשטן שניי פּלוצלינג בע-שאַס דער לעקציע א פּאַטש טאָן מיט די הענט און זאָגן:

— זאָל יעדער גוט פאַרגעדענקען, ווען און וואָס ער האָט אין דער רעגע געטראַכט. ווער עס שעמט זיך, זאָל זאָגן, אַז ער וויל נישט, קעדיי עס זאָל נישט זײַן קיין צוואַנג.

דאָס ערשטע מאָל וועט נישט געלינגען. אָבער איך וועל עס מאַכן אָפטער. ווי נאָר איך וועל באַמערקן, אַז דער קלאַס הערט זיך נישט צו.

און לויט דער רייע:

— ווען וואָס האָסטו געטראַכט? ווען וואָס האָסטו געטראַכט?

אויב איינער וועט זאָגן, אַז ער האָט געטראַכט פון דער לעקציע, וועל איך א פרעג טאָן:

— נאַרסטו אַמאָל נישט אָפּ?

אויב עמעצער שמייכלט און איך זע, אַז ער וויל נישט, — וועל איך פרעגן:

— עפּשער ווילסטו נישט זאָגן פאַר אַלע, זאָג עס מיר אָפּן אויער, אָדער איך וועל עס פאַרשרייבן בעיס דער פּויזע.

און זיי:

— צו וואָס דאַרפט איר עס וויסן?

און איך וועל זאָגן:

— איך וויל אָנשרייבן א בוך וועגן דער שול. קעדיי אַלע זאָלן זיך איבערצייגן, אַז נישט טאָמיד קאָן מען זײַן אויפמערקזאַם בעיס דער לעקציע. עפּשער דאַרפן ווינטערצײַט זײַן גרעסערע האַפּסאָקעס; עפּשער ווערן די שילער גיכער מיד אין שיינע טעג. א סאַך מענטשן שרײַבן ביכער וועגן שול. און וואָס אַמאָל פּירט מען אײַן עפּעס נײַס, אַז עס זאָל פאַר די קינדער זײַן בעסער און פאַר די לערער. נו, וואָרום איר וועט ענדיקן די שול און וועט זיך אַוועקגיין, און מיר מוזן דאָס גאַנצע לעבן גיין אין שול אַרײַן.

און זיי וועלן זיך פאַרכידעשן, וואָרום עס איז זיי גאָרנישט געקומען אָפּן זינען, אַז דער לערער גייט דאָך אויך אין שול אַרײַן און פאַרברענגט אין קלאַס א סאַך שאָען. מיר וועלן ריידן מיקוויעך דעם, וואָס יעדער פון אונדז וואָלט וועלן ענדערן. איך וועל זיי דערציילן, אַז די לערער ווערן

זייער אָפט קראַנק אַפן האַלדז און אַף נערוון. און פאַרוואָס מיר זײַנען נערוועז.

און ווען יעדער וועט שוין האָבן אויפריכטיק געזאָגט, וועגן וואָס ער האָט געטראַכט בעיים דער לעקציע, וועל איך מאַכן אַ שפּאַס:

— אַצינד וועל איך אַלעמען, וואָס זײַנען נישט געווען אויפמערקזאַם, שטעלן איינסן.

— אָ אָ אָ ווי געביפּט איר זײַט.

און איך:

— נישט שוין צו זאָגן, אַז דער לערער איז געביפּט.

און זיי:

— פאַרוואָס?

וועל איך עס זיי דערקלערן. און דערנאָך ווידער:

— איז עפּשער שטעלן איינסן יענע, וואָס האָבן געטראַכט פון דער לעקציע?

טייל וועלן אָנהייבן שרײַען:

יאָ, יאָ, יאָ.

און אַנדערע:

— פאַרוואָס מיר? מיר זײַנען דאָך געווען אויפמערקזאַם.

וועל איך זאָגן:

— איר זײַט נישט געווען אויפמערקזאַם.

— פאַרוואָס?

— ווײַל הײַנט איז דער ערשטער שניי, און איר באַמערקט גאָרנישט.

— נו, שניי איז דאָך נישט קיין לעקציע.

— איז עפּשער הײַנט נישט שטעלן קיין איינסן?

— נישט הײַנט, נישט קיינמאָל.

— אָן אַן איינס קאָן מען נישט.

— אָבער עס איז אומאָנגענעם צו קריגן אַן איינס.

— און געבן אַן איינס איז אויך אומאָנגענעם. דער לערער וויל בעסער שטעלן אַ פינף.

— טאָ זאָל ער שטעלן פינפן.

— צי קאָן מען אָבער?

— נו, נײן.

און מיר וועלן זיך אַזוי אויסטײַנען ביז צום קלונג.

אָבער ווי מאָדנע. איך האָב געוואָלט זײַן אַ קינד, און אַצינד טראַכט איך גאָר, וואָס איך וועל טאָן, ווען איך וועל אויפוואַקסן. אפֿאַנים אַז סײַ קינדער, סײַ דערוואַקסענע גייט נישט צו גוט. די האָבן זיך זייערע דאַגעס און אַגמאַס נעפֿעש, און יענע זייערע.

עס וואָלט געקאָנט אפֿילע זײַן אַזוי, אַז אַ מענטש זאָל צײַטנווײַז אַמאָל זײַן גרויס, אַמאָל קליין. אַזוי ווי עס איז ווינטער און זומער, טאָג און נאַכט, שלאָף און וואַכזײַן. ווען עס זאָל זײַן אַזוי, וואָלט זיך קיינער נישט געבידעשט. עס וואָלטן זיך נאָר בעסער פֿאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן די דערוואַקסענע און די קינדער.

אין דער פּויזע איז שוין געווען אַ רויִקערע שפּיל. מיר האָבן זיך צונויפֿגערעדט, ווער מיט וועמען שפּילט. און דער שניי איז שוין געווען צעטראָטן, און עס איז שווערער געווען צו מאַכן באַלן. טייל האָבן גע־פּרוּווט, אָבער די גרעסטע טייל האָט געשפּילט אין שליטנס. אַ יִנגל פֿון הינטן איז דער פֿורמאַן, און צוויי פֿון פֿאָרנט — די פֿערד. און גלײַך ווי אַ ווירע איינער נאָכן אַנדערן, אַזוי ווי פֿײַערלעשער, אָדער אַ קאַרנאַוואַל־צוג, צי אַרטילעריע. יעדער טראַכט אַנדערש, אָבער מיר פּרוּוון אַריבער־יאָגן איינער דעם אַנדערן: ווער עס האָט בעסערע פֿערד, אָדער אויטאָמאָ־ביל.

טכילעס איז געווען אָרדענונג, דערנאָך האָט זיך אַלץ צונויפֿגעקנוילט, וואָרום מען האָט אָנגעהויבן אַרויפֿפֿאָרן איינער אַפֿן אַנדערן. מען האָט געמאַכט אַ באַן־קאַטאַסטראָפֿע. מען איז אומגעפֿאַלן אין אַ גאַנצער מאַבנע און זיך געשטופּט. טאָמיד געפֿינען זיך שוין ווילע יונגען. און עמעצער מוז וויינען. וואָרום איינעם האָט מען אַרויפֿגעטרעטן אַף אַ האַנט, אַ צווייטן האָט מען אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטיוול, וואָס האָט געהאַט אַן אײַזן־באַשלאָג. מען האָט אים נאָך אַזוי צוגעדריקט, אַז ער האָט נישט געקאָנט אָטעמען.

נישט אַלע האָבן מיר ליב צו ווילדעווען. לאַכלוטן נישט. טיילמאָל ווילן מיר זיך שוין גלײַכער אינגאַנצן נישט שפּילן, איידער מיט אַ צע־לאָזענעם יונג, וואָס שטופּט, געוואַלדעוועט און שלאָגט. וואָרום פּרוּוו אַזעלכן אַ שטופּ טאָן אין קאַטאָוועס, וועט ער דיר באַלד מיטן גאַנצן קויעך אַ קלאַפּ טאָן, עס זאָל וויי טאָן. ער קוקט אַף גאָרנישט, ער שטופּט,

וואַרפט זיך, רײַסט די מלבושים. ווי אַ משוגענער.

וויפל מאָל וואָלט מען זיך געוואָלט שפּילן, אָבער מען זאָגט:

— איך וויל נישט.

ווײַל ער איז דאָ.

— אָדער ער, אָדער איך.

זאָלן די אַנדערע אויסקלײַבן.

טײלמאָל האָט מען מוירע אָפּן צו זאָגן, וואָרום ער וועט זיך אָנ־הייבן טשעפּען, איבערײַסן, דערקוטשען. איז שוין גלײַכער:

— איך וועל זיך נישט שפּילן.

וועלן זיי זיך מעשאַער זײַן, איז גוט, אויב נישט, איז נישט.

אָבער עס איז אומאָנגענעם.

אָפּן הויף אינדערהיים קען מען שוין אָט די פּראָיִם, אָבער דאָ קאָן מען דאָך נישט קענען די גאַנצע שול, האָט מען טאַקע אָפט אַגמאַס געפּעש. דערצו איז נישטאָ קיין צײַט אָפּצושמועסן די באַדינגונגען.

איז אַזוי. ווען עמעצער ווײַזט דער ערשטער אַ שפּיל און זי געפעלט, טוען אים אַלע נאָך. גלײַך ווי ער וואָלט געגעבן אַ צייכן. און מען דאַרף מוידע זײַן, אַז די משוגאָיִם — וואָרום מיר רופן זיי משוגאָיִם — האָבן גוטע אײַנפאַלן, אָבער זיי קענען זיי נישט אויספירן.

און בעעמעס, מיר זײַנען אויך אַרויפגעפאָרן איינער אָפּן אַנדערן, קלוימערשט האָט זיך אַ טראַמווײַ צוזאַמענגעשטויסן מיט אַן אויטאָמאָ־ביל, אָדער עס האָבן זיך אָנגעשלאָגן צוויי אַעראָפּלאַנען. אָבער נאָר צווײַ און אין אַ זײַט.

איז יאָגן מיר זיך און אַנטלויפן, און אויב עפּעס אַ משוגענער טריאָ וויל אַף אונדז אַרויפפאָרן, רוקן מיר זיך אָפּ און בלײַבן שטיין.

— גייט אַוועק, מיר ווילן נישט.

צוויי צעווילדעוועטע אויטאָמאָבילן זײַנען אַרומגעלאָפן בעיים דער גאַנצער פּויזע.

אונדזער טריאָ איז געווען גוט צוגעפּאַסט. אָבער איין פערד האָט באַקומען אַ קלאַפּ אין קאָפּ, וואָרום מיר זײַנען גראָד אַנטלאָפן פאַר דעם צעווילדעוועטן אויטאָמאָביל, מיטאָמאָל אָבער פאַרלויפט מען אונדז פון אַ זײַט. איך האָב שוין נישט באַוויזן אויסצומײַדן — און באַץ — יענעם אין

קאָפּ אַרײַן. ער האָט אַפילע נישט געוויינט, אָבער ער האָט שוין נישט געוואָלט זײַן קיין פערד.

מיר האָט זיך אָפּגעריסן א קנעפּל, אָבער איך האָב עס אויפגעהויבן, באַהאַלטן, קעדיי אינדערהיים צוצונייען.

בלויז אַף איין אָרט איז געווען א באַמבאַרדירונג. מען האָט אין גאַלאָפּ געמוזט דורכלויפן די דאָזיקע שיס־ליניע.

ווער עס באַטייליקט זיך נישט אַליין אין דער שפּיל, וועט דאָ גאָרנישט פאַרשטיין. וואָרום וויכטיק איז נישט בלויז דאָס לויפן, נאָר וואָס עס טוט זיך אָפּ אינעווייניק אין מענטש. דאָס שפּילן אין קאָרטן, צי אַפּילע אין שאַך, דאַכט זיך בלויז א וואַרפן פּאַפּירלעך און רוקן העלצלעך. טאַנצן — א דרייען זיך אַרום. פאַרשטיין קאָן בלויז דער, וואָס שפּילט אַליין אָדער טאַנצט.

מען טאָר נישט גרינגשאַצן די שפּיל, נישט שטערן, נישט איבעררײַסן פּלוצלינג, נישט אַרויפצווינגען א נישט ליבן מיטשפּילער.

בין איך א פורמאַן, וויל איך האָבן פערד פון א גלײַכן וווּקס, נישט צו גרויס, נישט צו קליין, פריילעכע, אָבער געהאָרכזאַמע, קלוגע, מעיורשעוודיקע. בין איך א פערד, וויל איך נישט קיין פורמאַן א נאַר, אָדער א ברוטאַל. וואָרום איך אַליין שטעל אײַן די גיבקייט פון לויף, איך וויל נישט, ער זאָל מיך ציען, שלאָגן און אונטערשטופּן. אַנדערש פּיל איך מיך פאַר א פערד, אַנדערש פאַר א פורמאַן. און וואָס ווייסט איר דען דערפון? אַז איך האָב א שנאָרך געטאָן, אַז איך טאָפּטשע מיט די פיס אַף אַן אָרט, אָדער איך שרײַ: „טפּררר — וויאָ!”

אַז איך בין א פײַערלעשער, קוק איך מיך אַרום, צי מען זעט נישט קיין רויך, איך קוק אַרויף אינדערהייך, איך אײַל מיך אַנדערש, ווי ווען איך לויף מיט א האַרמאַט אַף דער פּאָזיציע. פאַר פײַערלעשער טרעט מען אָפּ, אַרטילעריע נעמט דער סוינע אַפּן ציל. איך קוק מיך אַרום מיט כשאַד, קעדיי נישט אַרײַנצופאַלן אין א פּאַסטקע. אַז איך פאָר אַלס גיכע הילף, טראַכט איך, צי זאָל דאָס זײַן אַן איבערגעפאָרן קינד, צי א זעלבסטמערדער, א געהאַנגענער, צי א פאַרסאַמטער. מען לויפט דאָך נישט סטאַם ווי א נאַר.

איבעריקנס איז טאַקע אויך וויכטיק זיך דורכצולויפן, וואָרום מען דאַרף דאָך ווידער זיצן א שאָ אַף דער באַנק.

נו גוט. זיך געענדיקט די שול. מיר גייען אהיים.

איך ווייס נישט, צי זאָל איך היינט אויך אהיימגיין צוזאמען מיט מונדעקן. אויב מען האָט דעם זעלבן וועג אהיים, און מען הייבט אָן מיט עמעצן גיין צוזאמען, דאַרף מען שוין טאָמיד. און מעג אַפילע זיין אומ־אָנגענעם, איז שוין שווער זיך אָפּצוטשעפּען; מען מוז זיך שוין סיידן גוט צעקריגן, צעשלאָגן אַפילע, קעדיי ווידער בלייבן אליין און אהיימגיין מיט אַן אַנדערן.

פאַראַן אַזעלכע, מיט וועלכע קיינער וויל נישט אהיימגיין, טשעפּען זיי זיך צו יעדן טאָג צו אַן אַנדערן. פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן ליבער אהיימגיין אליין, אָבער אַזעלכע זיינען פאַראַן ווייניק. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן ליב צו גיין מיט אַ גאַנצער מאַכנע. און ס'ראָוו גייט מען אהיים אינצווייען, אינדרייען; צוויי זיינען הייסט עס פריינט, און דעם דריטן פאַרבעט מען, אָדער ער קומט אליין צו און מיר קוקן, וואָס ער איז פאַר איינער. פאַראַן אייפערזיכטיקע, וואָס האָבן נישט ליב, אַז עס זאָל זיין אַ דריטער. אַזעלכע זיינען אומאָנגענעם: עס זעט אויס, ווי ער וואָלט דיך אָפּגעקויפט פאַר זיך.

עס איז פריקרע, אויב איינער וויל גיין צוזאמען, און דעם אַנדערן איז ער שוין נימעס געוואָרן, אָדער ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ צווייטן. מען מוז זיך אַרויסגאַנווענען פון דער שול, אַז יענער זאָל אים נישט גע־פינען. אויב עס טרעפט אַף אַן איידעלן, וועט ער פאַרשטיין און אליין אַוועקגיין. אָבער עס טרעפט אַזעלכער, וואָס מאַכט אַוואַנטורעס, וואָס וועט אויסזאָגן סוידעס, אָנדערציילן ליגנס און פון קלוימערשט אַ פריינט ווערט ער דער ערגסטער סוינע.

נישט טאָמיד מוז דער, מיט וועלכן מען גייט אהיים פון שול, זיין אַ פריינט. וואָרום דער פריינט קאָן גראָד וווינען ערגעץ אַנדערש, אַזוי אַז מען קאָן מיט אים אַפילע אַ שטיקל וועג נישט גיין צוזאמען, נאָר גלייך זיך פאַרנעמען אין פאַרקערטע ריכטונגען. דעריבער איז איין זאַך אַ פריינט, און אַן אַנדערע זאַך, מיט וועמען מען האָט ליב אהיימצוגיין. אָבער דאָך איז אַ פריינט ווי אַ ברודער און אַפילע מער. דער כילעק איז נאָר, וואָס אַ ברודער קען מען בעסער, קאָן מען זיך נישט טויע זיין, גוט־פריינט אָבער ווערט מען דורך ווערטער, איז דאַכט זיך אויס, אַז ער איז אַזוי ווי ער זאָגט, קאָן מען אַ טאָעס האָבן, און ער וועט גאָר זיין אַ פאַל־

שער. אַנדערש אין די אויגן, אַנדערש הינטער די אויגן, אָדער ער רעדט איין זאַך און טאָן טוט ער עפּעס אַנדערש. אויב אַ ברודער גראָט נישט, איז נישטאָ קיין אייצע: צעקריגסט זיך און מוזט זיך צום סאָף איבער־בעטן. אָבער מיט אַ קלוימערשטן פרײַנט קאָנסטו דיך צעגיין אַף טאָמיד.

ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געווען קליין, האָב איך געהאַט פאַר־שיידענע פרײַנט. דער ערשטער איז געווען אַ גאַנץ יאָר, אָבער ליב האָב איך אים געהאַט בלויז עטלעכע כאַדאָשים, דערנאָך זע איך, אַז ער רעדט מיך אָן צום שלעכטן, האָב איך אויסגעקוקט, ער זאָל זיך אַוועקגיין. און ער גאָרנישט. ביז ער איז געבליבן אַפן אַנדערן יאָר אין דעם זעלבן קלאַס, און אַזוי בין איך פון אים פּאָטער געוואָרן.

דער צווייטער איז מיר אויך נישט שטאַרק געראָטן, אָבער מיט אים בין איך לײַכט בערויגעז געוואָרן. איך האָב אים געגעבן עטלעכע מאַטאַ־נעס, אים געבראַכט פופציק צי זעכציק גראָשן און אַזוי אַרום האָב איך מיך פון אים ווי אויסגעקויפט.

דערנאָך בין איך אַ לאַנגע צײַט געווען פּאָרזיכטיק. פאַרשיידענע האָבן זיך צוגעשאַרט, אָבער איך בין געגאַנגען איין מאָל, צוויי מאָל, און דערנאָך האָב איך קלוימערשט באַדאַרפט ערגעץ אָפּטרעטן, אָדער אַז איך האָב פאַרגעסן די פעדער און מוז צוריקגיין אין שול אַרײַן, אָדער איך פלעג פאַרן גלעקל אַלץ צוגרייטן, שנעל אַ כאַפּ טאָן דעם מאַנטל און איך בין שוין נישטאָ. דעם אַנדערן טאָג זאָגט ער מיר:

— ווו ביסטו נעכטן אַהינגעקומען? איך האָב געוואַרט, דיך געזוכט.

און איך:

— איך ווייס נישט. איך בין אַליין אַהיימגעגאַנגען.

ביז איך האָב געפונען אַ פרײַנט. אַן עמעסן. אַזעלכן, וואָס אויב ער איז נישט געקומען אין שול אַרײַן, איז געווען טרויעריק. און איך וויל צוזאַמען זיצן. און אָן אים שפּיל איך מיך נישט בעיים דער פויזע. און ער איז אָפּט נישט געקומען, וואָס אַמאָל אָפטער. מיר האָבן נישט געשטיפט אַף דער גאַס, וואָרום ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך. און אַנדערע פלעגן זאָגן:

— אַ כידעש, ער איז דיר נאָך נישט נימעס געוואָרן. ער שלעפּט זיך אַזוי. אַזאַ קריכער, קושט זיך מיט די מיידלעך.

ער איז גאָרנישט געווען קיין קריכער, נאָר קראַנק אַפן האַרץ. מיט מיידלעך האָט ער זיך נישט געקושט, נאָר ער האָט געהאַט אַ קוזינקע. מיר

זייַנען שוין געווען גרויסע, אין פערטן צי אין פינפטן קלאַס, און זי אין ערשטן. מיר פלעגן זי טייל מאָל טרעפן, און זי האָט זיך מיט אים געקושט. נאָך אַ קליינע און דערצו אַ קוזינקע, טאָ וואָס איז דאָ פאַר אַ שלעכטס?

נאָך איינעם האָב איך געהאַט. ער איז געווען מיט צוויי קלאַסן העכער. וואָרום עס טרעפט, אַז אַן עלטערער באַקענט זיך מיט אַ קלענערן, און זיי גייען צוזאַמען אַהיים, אויב די שול ענדיקט זיך גראָד אין דער זעלבער צייַט. אָבער איינמאָל האָט ער מיר געהייסן וואַרטן, דערנאָך איז ער אַוועק מיט אַ כאַווער און מיט אים געשמועסט, און זיך געמאַכט ווי ער זעט מיך נישט. איך פלאָנטער מיך נעבן זיי, ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן. איך זע אַלזאָ, אַז ער איז פאַרנומען, גיי איך מיר אַריבער אויף דער אַנדערער זייַט גאַס און קוק, צי ער וועט פרעגן, פאַרוואָס איך גיי אַוועק. אָבער ער גאָרנישט. איך האָב מיך נישט געפילט באַליידיקט, נאָר איך האָב געטראַכט: „צו וואָס דאַרף איך, ער זאָל מיר טאָן אַ טויווע". און אַזוי האָט זיך דאָס געענדיקט.

איך געדענק דאָס אַלצדינג און בין אַצינד שוין פאָרזיכטיק. איך וויל ליבער וואַרטן, ביז איך וועל געפינען עמעצן נישט בלויז צום אַרומלויפן, נאָר צו קענען מיט אים שמועסן וועגן פאַרשיידענע זאַכן. נישט בלויז וועגן דער שול, נאָר אין אַלגעמיין.

איז גיי איך אַהיים, און מונדעק דעריאָגט מיך אויפן וועג.

איך האָב דיך געזוכט אין שול, — זאָגט ער.

— איך ענטפער גאָרנישט. — מיר גייען נעבנאַנאַנדער. און ער פרעגט:

— עפשער ווילסטו נישט גיין מיט מיר?

איך זע, אַז ער איז אַ דעליקאַטנער, וואָרום אַן אַנדערער וואָלט נישט געפרעגט.

איך זאָג:

— אַדעראַבע, איך וויל.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפמערקזאַם, צי איך מיין אויף אַן עמעס, אָדער בלויז סטאַם אַזוי. מיר האָבן זיך ביידע צעשמייכלט.

— ווילסט זיך יאָגן מיטן טראַמווייַ?

— עעע, אַלע טאָג זיך יאָגן. איך האָב מיך גענוג אָנגעלאָפן בעיים די פויזעס.

מיר זײַנען שטיין געבליבן באַ אַ שויפֿענצטער פֿון אַ געשעפֿט.

אָאָאָ, װאָס פֿאַר אַ שײנע צירקלען. זעסט, אָט דאָס איז צום אַרײַנלײגן, אַז מען װיל מאַכן אַ גרויסן קרײַז. און אָט איז אַף טוש.

— װי מײנסטו: װיפֿל קענען אַזעלכע צירקלען קאָסטן? — װאָלסט געװאָלט האָבן? — זע: גאָלדענע טינט. — זע: װאָס פֿאַר אַ קלײן טינטערל: אַ רײַזע־טינטערל. איך דאַרף קויפֿן אַ פֿענדזעליקל, אָבער נישט דאָ. פֿראַנקאָװסקי האָט געקױפֿט אַפֿן ראָג, האָט ער עס שױן אַ כּװדעש, און אין מײַנעם זײַנען די האָר באַלד אױסגעקראָכן. — אַזעלכע גאַנאָװים.

— װען מען זאָל דיר דערלױבן, װאָס װאָלסטו אױסגעקליבן פֿון שױפֿענצטער? — װען מען זאָל דערלױבן בלױז אײן זאַך. — איך װאָלט גענומען דעם צירקל און דאָס דאָזיקע נעגערל.

— דאָס זײַנען דאָך צװײ זאַכן.

— נו, טאָ איז בלױז דעם צירקל.

אין דערנעבנדיקן געשעפֿט קלױבן מיר אױס צו גרױסע טאָװלען שאָקאָלאַד ביטנײַ, מען זאָל דאָס אונדז דערלױבן.

דערנאָך האָט ער אױסגעקליבן אַ בלומענטאָפּ פֿאַר דער מאַמען, איך אַ ליאַלקע פֿאַר אירענען.

אין זײגערמאַכערס שױפֿענצטער געפֿינען זיך נעבן פֿינגערלעך און בראָשקעלעך מיט טײַערע שטײנער — אױך זײגערלעך. מיר זײַנען נישט גיריק. מיר פֿאַרזאָרגן זיך מיט זײגערלעך. מיר האָבן זיך לאַנג מעיאַשעװ געװען, צי איז בעסער אַ זײגערל אַף דער האַנט, אָדער אַ טאַשן־זײגערל מיט אַ קײטעלע.

װאָרום מיר, קינדער, אונטערשײדן זיך פֿון אײַך, דערװאַקסענע. אונדז גײט װײניק אָן דער מאַרק־פּרײַז פֿון אַ זאַך. מיר װײסן נאָר פֿון נײַטיקע זאַכן און אומנײטיקע, און מיר זײַנען טאָמיד גרײט אױסצובײַטן אַ טײַערע זאַך, אָבער אַ גלײַכגילטיקע פֿאַר אונדז, אַף אַ זאַך, װעלכע מיר װילן האָבן. װען איר זאָלט זיך װעלן באַקענען מיט אונדזערע האַנדלס־טראַנזאַקציעס, װאָלט איר געװוּסט, אַז אָפּנאַרערײַ האָט באַ אונדז גאָר אַן אַנדער פּאָנים.

װען איך בין דאָס ערשטע מאָל געװען אַ קינד, האָב איך אַמאָל באַקומען שליטשיך. דעמאָלט זײַנען שליטשיך נאָך געװען אַ זעלטענע מאַטאָנע, און אַ טײַערע. נו, האָב איך זײ אױסגעביטן אַף אַ פּענאַל פֿון

ווײַנשל־האַלץ, אַ קײַלעכיקן, מיט אַן אָנגעמאָלט בולדאָגל. דעם בולדאָגל האָט געפעלט איין אויג, אָבער עס איז געווען זייער באַװײַנט. אַ פענאַל דאַרף מען אַלע טאָג, און שליטשיך בלויז אַמאָל, און גראָד איז דער ווינ־טער געווען אַ לײַכטער, נישט געווען קיין אײַז. ווען מען איז אינדערהיים געוווּיר געוואָרן, האָט מען מיר געמאַכט אַ סקאַנדאַל. איך האָב געמוזט אָפּגעבן. איך האָב מיך זייער געשעמט, וואָרום אויב די שליטשיך זײַנען געווען מײַנע, האָב איך באַדאַרפט האָבן דאָס רעכט צו טאָן מיט זיי, וואָס איך וויל. ווען מען אייסעק, אַז מיר געפעלט בעסער אַ פענאַל פון שמעקע־דיק האָלץ מיט אַ בלינד בולדאָגל? און צי האָט אַ וואַנדערער אין מיד־בער נישט אַוועקגעגעבן אַ זאַק מיט טײַערע פערל פאַר אַ קרוג וואַסער?

מיר האָבן זיך לאַנג מעיאַשעוו געווען, וואָס אויסצוקלײַבן פון דעם סטאָליערס שויפענצטער. מיר האָבן געוואָלט האָבן אַ טישל מיט אַ שופלאָד צום פאַרשליסן מיט אַ שליסעלע, אָבער צי וועט מען אונדז דערלויבן עס אַוועקצושטעלן? עפּשער עפּעס פאַר די עלטערן? עס איז אָבער זייער אַנגענעם צו האָבן כאָטש אַ קליין, אָבער אייגן טישעלע.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דער היים: אַז אים איז שלעכט, ווײַל זײַן טאַטע טרינקט.

— עס איז אַ גרויס אומגליק צו האָבן אַ טאַטן אַ שיקער. שיכורים דאַרף מען פאַרווערן כאַסענע צו האָבן. וואָרום דערנאָך מאַטערט זיך דאָס ווײַב און די קינדער. פאַר יעדער פּענסיע האָבן מיר מוירע: וועט דער טאַטע ברענגען דאָס געלט אַהיים, אָדער מיר וועלן אַ גאַנצע וואָך הונ־גערן. און שטעל דיר נאָר פאָר דאָס פאַרגעניגן. ווען ער איז שיקער, ווייסט ער נישט, וואָס עס טוט זיך מיט אים, און אַז ער שלאָפט זיך אויס, שעמט ער זיך און דער קאָפּ טוט אים וויי.

— און דו קאָנסט אים נישט זאָגן, ער זאָל אויפהערן?

— וואָס קאָן איך דאָרט זאָגן? די מאַמע וויינט שוין גענוג, שרײַט און שילט. ער זאָגט צו, און דערנאָך איז ווידער דאָס זעלבע. פּונקט ווי אַ קינד.

— אָבער דו פּרוּוו מיט גוטן.

— אַז איך שעם מיך. איינמאָל זײַנען מיר געווען אין דאָרף באַם טאַטנס אַ קאָלעגע. מען האָט דאָרט געטרונקען. און דער טאַטע האָט גע־זאָגט, אַז ער וויל נישט. וואָרום ער האָט ווידער געהאַט געגעבן דער מאַ־

מען אַ שוועה, אַז ער וועט צום מויל נישט נעמען קיין בראָנפֿן. איז ווען מען האָט אים אָנגעהויבן צוצורײדן, ער זאָל כאָטש איין גלעזעלע נעמען, האָב איך אים אַ צי געטאָן באַם אַרבל, וואָרום איך האָב געוווּסט, אַז ווי נאָר איין גלעזל, וועט ער שוין אָנהייבן מער. און דער טאַטע האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט: „קום, לאָמיר גיין צום טײַך". זײַנען מיר אַוועק אַהין. און די פֿייגעלעך זינגען. און די טוווּע האָט זיך צו אונדז ווי געבוקט. און אַ זון. און שיין, אָנגענעם. דער טאַטע האַלט מיך באַ דער האַנט. דערנאָך האָבן מיר זיך אַנידערגעזעצט באַם טײַך, און דער טאַטע נעמט מיך ווידער באַ דער האַנט. מיטאַמאָל אָבער האָט אים די האַנט אַ ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט מיט קראָפּעווע. און איך האָב געזאָגט: „דער טאַטע זעט, אַז עס איז בעסער נישט צו טרינקען". און דער טאַטע האָט אַף מיר אַ קוק געטאָן, און איך האָב מיך זייער פֿאַרשעמט און שטאַרק ראַכמאָנעס געקריגן אַפֿן טאַטן. וואָרום ער האָט אַף מיר אַ קוק געטאָן אַזוי טרויעריק. דו ווייסט, טיילמאָל טוט אַ הונט אַזאַ קוק, ווען ער בעט עפּעס, אָדער ער האָט מוירע, מען זאָל אים נישט אַ קלאַפּ טאָן. איך ווייס, אַז אַ מענטש איז עפּעס אַנדערש, און אַ הונט איז עפּעס אַנדערש. אָבער עס איז מיר אַזוי גראַד אײַנגעפאַלן. איך וואָלט שוין איצט פֿאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט נאָכאַמאָל אַזוי נישט גערעדט צום טאַטן. און דער טאַטע האָט זיך עפּעס ווי מעשאַער געווען, וואָרום ער קוקט קעסיידער אַפֿן וואַסער, קוקט, קוקט — און טוט אַ זאָג: „אַ הינטיש לעבן, זונעלע". און ער האָט אָפּגעזיפֿצט. און איך וויל אים קושן די האַנט, עס הייסט איבערבעטן. אָבער דער טאַטע האַלט מיר שטאַרק צו די האַנט און לאָזט נישט. איך ווייס נישט, צי ער איז געווען אַף מיר ברוגעז, און עפּשער האָט ער געטראַכט, אַז איך בין נישט ווערט אים אַ קוש צו טאָן. דער טאַטע איז שוין נישט צוריקגעגאַנגען אַהין צו זיי, ער האָט נאָר געזאָגט, איך זאָל אים ברענגען דעם שטעקן, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל פֿון אים כוויזעק מאַכן. אַף דער קאָלייקע האָט ער געקויפֿט בייגל. איך האָב קיין איינע נישט געגעסן, אַלע אַוועקגעגעבן מײַן ברודערל. איך האָב אַפֿילע געוואָלט אויפֿעסן אַ פּאָר, דער טאַטע זאָל נישט מיינען, אַז איך האַלט מיך אין גרויסן. אָבער איך האָב נישט געקאָנט; עס האָט מיך עפּעס געשטיקט. אַ צײַט דערנאָך, עפּשער אַ כוידעש, האָט ער נישט געטרונקען, די מאַמע האָט שוין געמיינט, אַז

עס איז געוואָרן גוט. אָבער מען האָט איר געזאָגט, אַז ווען איינער גע־ווינט זיך אָפּ, און גייט אַרום אַן אָנגעכמורעטער, הייסט דאָס, אַז ער וועט נאָך; ערשט ווען ער הערט אויף צו טראַכטן און ווערט ווידער פריי־לעך, וועט ער שוין נישט. — אָבער הער: זאָג נישט דערפון קיינעם אין שול. איך דערצייל דאָס בלויז דיר. וועסט נישט זאָגן? אפילע ווען מיר זאָלן זיך צעקריגן?

— פאַרוואָס זאָלן מיר זיך צעקריגן?

— נו, ווייסט נישט? מיר וועלן זיך צוליב עפּעס אַמפּערן און מיר וועלן זיך צעקריגן.

מיר האָבן נאָך אַביסל געשמועסט, וואָס פאַר אַ פאַרשיידענע מענ־טשן עס זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט: איינער טרינקט, אַ צווייטער וויל נישט אַרבעטן, אַ דריטער גאַנוועט, דער האָט ליב דאָס, יענער האָט ליב יענץ.

— אָט צום בײַשפּיל זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן נישט ליב אָפּצושנײַדן די נעגל. וואָרום אויב זיי שנײַדן אָפּ, דענערווירט עס זיי. טראָגן זיי גרויסע נעגל. אָדער זיי בײַסן זיי אָפּ.

און וועגן דעם וואָס עס מאַכן זיך ריצן אויף די פינגער, אַז זיי טוען וויי. און וואָס אויף די נעגל מאַכן זיך ווײַסע פלעקן: פונוואַנען נעמט זיך דאָס?

— מען זאָגט, אַז דאָס בליט דאָס גליק. און אַנדערע זאָגן, אַז עמע־צער איז מעקאַנע. — עס איז טאָמיד אַזוי: איינער זאָגט אַזוי, דער אַנ־דערער אַזוי, דערנאָך ווייסט מען נישט, וועמען צו גלייבן. שווידערלעך פּי־ליגנס זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט.

און מיר האָבן אַזוי לאַנג געשמועסט, אַז איך האָב מיך פאַרשפּעטיקט צו מיטאָג. וואָרום איך האָב אים צוגעפירט אַהיים, און ער מיך, און מיר זײַנען געגאַנגען הין און צוריק. עס איז געווען אָנגענעם צו גיין און שמועסן, וואָרום אומעטום איז געלעגן שניי און שניי.

איז האָב איך מיך פאַרשפּעטיקט.

און די מאַמע נעמט שרײַען, פאַרוואָס איך האָב מיך פאַרשפּעטיקט אויף מיטאָג.

אַז איך לויף אַרום; אַז זי האָט גענוג צו רוימען און צו וואַשן; אַז איך צערײַס די שטיוול; און פאַרוואָס בין איך נישט קיין מיידל, וואָרום

איך וואָלט צוגעהאָלפֿן; אַז זי וועט גיין אין שול אַרײַן זיך באַקלאָגן; אַז איך וועל אויפוואַקסן אַ הולטאַי; אַז אירענע וואָלט באַדאַרפֿט זײַן עלטער און איך יינגער; אַז די מאַמע וועט שטאַרבן איבער מיר.

איך שטיי און פֿאַרשטיי גאָרנישט.

אויב איך האָב מיך פֿאַרשפּעטיקט, קאָן איך עסן מיטאָג קאַלטערהייט, אָדער איינגעאַנצן נישט עסן, איך קאָן אַליין אויסוואַשן דאָס שיסעלע.

די מאַמע האָט אויפגעגעבן דאָס עסן, און איך וויל נישט. צעשרײַט זי זיך נאָך ערגער:

— נעם עסן... האַווײַעס וועט ער נאָך מאַכן, צערעמאָניעס.

איך וויל זי שוין נישט מער צערייצן און איך עס. אָבער יעדער ביסן בלײַבט מיר שטעקן אין האַלדז. און איך קאָן נישט אַראָפּשלינגען. איך בעט אַזש צו גאָט, אַז דאָס דאָזיקע עסן זאָל זיך אַמאָל ענדיקן.

ערשט אין אָוונט האָב איך מיך דערוווּסט, אַז מילבן האָבן צעהאַקט דער מאַמעס אַ קלייד. עס דאַרף זײַן אַ געבורטסטאָג־יאָנטעוו און דאָס קלייד איז צעפרעסן פֿון מילבן. איז הייסט עס דערפֿאַר, וואָס די מילבן טוען, מוזן די קינדער זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך.

די דאָזיקע אומגערעכטיקייט האָט נאָך פֿאַרגרעסערט מײַן ווייטיק. שוין גלײַכער נישט צו וויסן, פֿאַרוואָס די דערוואַקסענע זײַנען אין קאַס, בעיים זיי גיבן אונדז אַ פּסאַק. דו פּילסט, אַז עס האָט זיי עפּעס געטראָפֿן, אָבער דו זוכסט די שולד אין זיך. ביז דו געפינסט.

איך האָב מיך אָוועקגעזעצט אין מײַן ווינקעלע מאַכן די לעקציעס. אָבער איך האָב מוירע, אַז עמעצער פֿון די יינגלעך קאָן אָנקומען, און עס וועט זיך ווידער אָנהייבן:

— גיי, ווידער רײַסן די שטיוול, דײַנע קאָלעגעלעך רופֿן דיך שוין!

איך האָב דאָך נאָר צוליב דעם געוואָלט זײַן אַ קינד, קעדיי זיך ווידער צו שפּילן מיט קאָלעגעס.

און איך האָב גראָד געטראָפֿן, וואָרום עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט, אָבער שטיל און בלויז איין מאָל. אָבער די מאַמע האָט דערהערט:

— זאָלסט זיך מיר נישט דערוועגן אַרויסצוגיין. די לעקציעס מאַך.

נו, איך מאַך דאָך. איך האָב אַפֿילו גאָר קיין כיישעק נישט אַרויסצוגיין.

און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך זיץ איינער אַליין אין פֿעלד, און

עס איז נאכט און א פראָסט, און איך בין אַליין, און באָרוועס, און הונגע־
ריק. און וועלף וואָיען. און ס׳איז קאַלט. און ס׳איז א פּאַכער. און איך בין
שוין אינגאנצן פארגליווערט.

מעשׂונעדיק איז דער מענטש. אַט איז ער פריילעך, אַט פלוצלינג
טרויעריק.

איך ווייס נישט אַף זיכער, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז די דער־
וואַקסענע זײַנען אָפטער אין כּעס, ווי טרויעריק. און עפּשער זײַנען זיי
אין זיך טרויעריק, און אַף די קינדער לאָזן זיי אויס דעם כּעס. זעלטן
טרעפט, מיר זאָלן זאָגן וועגן א לערער:

— ער איז הײַנט געווען טרויעריק.

און ליידער אָפט:

— ער איז הײַנט געווען בייז.

קינדער וויינען אָפטער ווי דערוואַקסענע, נישט דערפאַר, ווײַל זיי
זײַנען וויינערס, נאָר ווײַל זיי פילן טיפער, לײַדן מער.

פאַרוואָס מאַכן זיך דערוואַקסענע גאָרנישט פון אונדזערע קינדערי־
שע טרערן? ווײַל עס דאַכט זיך זיי, אַז מיר וויינען פון א ליאַדע וואָס.
ניין. קליינע קינדער שרײַען, ווײַל דאָס איז זייער איינציקע פּאַרטיידי־
קונג: אַז מען שרײַט, געפינט זיך עמעצער, וואָס דערהערט און קומט
העלפן. אָדער מען שרײַט פון פאַרצווייפלונג. מיר וויינען אָבער זעלטן
און נישט צוליב דעם גאָר וויכטיקסטן. אויב עס טוט גאָר שטאַרק וויי,
באַווײַזט זיך בלויז איין טרער און א סאָף. און מיט דערוואַקסענע טרעפט
אויך אַזוי, אַז אין אַן אומגליק ווערן פלוצלינג אויסגעטריקנט, פאַרגלי־
ווערט די טרערן.

און שוין גאָר זעלטן וועסטו זיך צעוויינען, ווען מען בייזערט זיך
אַף דיר אומגערעכט. דו לאָזסט אַראָפּ דעם קאָפּ און מער גאָרנישט. טייל־
מאָל פרעגט מען דיך, און דו ענטפערסט נישט. טיילמאָל ווילסטו ענטפערן,
אָבער דו רירסט בלויז מיט די ליפּן און קאָנסט נישט. זיי זאָגן, אַז דאָס
איז אַקשאָנעס. און טיילמאָל צעברויזט זיך טאַקע עפּעס א פאַרביסנקייט,
אַז עס איז שוין אַלצדינג אַלציינס: זאָלן זיי דערהאַרגענען, וועט גיכער
נעמען א סאָף. איז טוסטו א הייב די אַקסלען, אָדער א מרוקע אונטערן
נאָז. וואָרום אין קאָפּ דרייען זיך דיר די ערגסטע מאַכשאָוועס און מיעסע
ווערטער. דו וועסט שוין דעמאָלט נישט נעמען אין אַכט, אַז דאָ האַנדלט

זיך וועגן דעם לערער, אָדער וועגן טאַטן. אָדער גאָר — אין קאָפּ איז ליי־דיק, בלויז די ברוסט איז פול מיט שטומער פאַרצווייפלונג און צאָרן.

אָפט הערסטו אַפילו נישט, וואָס מען שרײַט אויף דיר. — פאַר־שטייסט קיין איין וואָרט נישט. דו ווייסט אַפילו נישט וועגן וואָס עס גייט. בלויז אין די אויערן הילכט און אין קאָפּ טומלט.

און דערצו נאָך — אַ ריס, אַ שטויס, אַ קלאַפּ. מען גיט דיר אַ קלאַפּ, אָדער אַ שלעפּ פאַר דער האַנט, — און עס דאַכט זיך זיי, אַז דאָס הייסט נישט געשלאָגן, אַז עס טוט נישט וויי. וואָרום שלאָגן הייסט בײַ זיי דוי־רעסן די קינדער. ווען מען קאַטעוועט מיט אַ פּאַסעק, מען האַלט־צו און מען שלאָגט, ווי די ראָצכים. און דאָס קינד רײַסט זיך און געוואַלדעוועט:

— כ׳וועל שוין מער נישט, כ׳וועל שוין מער נישט.

פאַר אַזאַ מין שלאָגן — עפּשער טרעפט עס שוין אַצינד ווייניקער, אָבער עס איז נאָך פאַראַן — וועט מען אין דער צוקונפט גלײַך אײַנזעצן אין קרימינאַל. וואָס עס פילט דער, וואָס שלאָגט און וואָס עס פילט דאָס קינד, ווייס איך נישט. אָבער מיר קוקן דערויף מיט עקל, אויפרעגונג און שרעק. מיר האָבן מער ראַכמאָנעס אויף אַ פערד ווי אויף אַ מענטש.

איר קאָנט עפּשער אַ טראַכט טאָן, אַז מיר צווישן זיך שלאָגן זיך דאָך אויך. אָבער מיר האָבן קליינע הענט און ווייניק קויעך. און אַפילו אין גרעסטן קאַס שלאָגן מיר קיינמאָל נישט מיט אַזאַ רעציכע. איר זײַט נישט קיין מעווינים אויף אונדזערע געשלעגן. מיר פּרוּוון טאָמיד פריער, ווער ס׳איז שטאַרקער און מעסטן אויס דעם קויעך לויט עלטער און אויס־האַלטעוודיקייט. ער מיך און איך אים. און אַז עס געלינגט עמעצן דעם אַנדערן אַרויסצושלאָגן פון די קויכעס, אַז ער קאָן זיך שוין נישט רירן, הערן מיר באַלד אויף. בלויז אַז עמעצער שטערט אונדז, דעמאָלט קענען מיר אַראָפּלאָזן אַ צו שטאַרקן קלאַפּ. אָדער אַז מיר ראַנגלען זיך, טרעפט מען מיט אַ קלאַפּ אין נאָז, און פון דער נאָז גייט באַלד בלוט.

מיר ווייסן, וואָס עס הייסט: ס׳טוט וויי.

(עפּעס אַ דאָקטאָר אַ שווײַצער האָט אויסגעמאָסטן, אַז קינדער אין די אויסבעסערונג־אַנשטאַלטן פילן ווייניקער. איך וואָלט אויסגעמאָסטן זײַן עמפּינדלעכקייט און אים אַרײַנגעצימבלט פּופּציק שמיץ, וואָרום עס איז אַ כאַרפּע, אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן זאָל שרײַבן אַ פּאָליאַק און אַ מעדיקער).

איך זיץ מיר אַזוי און טראַכט, וואָס איך האָב געוווּסט אַמאָל און וואָס איך ווייס אַצינד. און וואָס אַמאָל נעמט מיך אַרום אַ גרעסער ראַכ־מאָנעס, וואָס מיר זײַנען אַזעלכע קליינע און שוואַכע. און צום מיינסטן איז מיר אַ ראַכמאָנעס אַף מונדעקן, וואָס ער האָט אַ טאַטן אַ שיקער.

— נו, איך וועל שוין מיסטאָמע ווערן זײַן כאַווער. אים איז שלעכט און מיר אויך. טאָ זאָל זײַן ברידערשאַפט. און צוליב אים לײַד איך אַצינד, וואָרום צוליב אים האָב איך פאַרשפּעטיקט צו מיטאָג.

עס איז מיר עפּעס וואַרעם געוואָרן אין די אויגן און איך האָב שנעל אָפּגערוקט דעם העפט, עס זאָל נישט אַרויפקאַפּען אַ טרער אַף דער לעק־ציע. אָבער ניין: בלויז צו דער נאָז זײַנען זיי צוגעקומען, זיי זײַנען נישט אַראָפּגעפאַלן.

מיטאַמאָל קומט־צו אירענע. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט פונוויַטנס און קוקט. און איך וואַרף אַ בליק פון דער זײַט, וואָרום איך ווייס נישט, וואָס זי וויל. און זי שטייט און זאָגט גאָרנישט, דערנאָך מאַכט זי אַ טריט נענטער און זאָגט ווײַטער גאָרנישט, זי שטייט נאָר. איך וואַרט, און זי האַלט עפּעס און ליגט עס איבער פון האַנט צו האַנט. איך ווייס, אַז עס וועט געשען עפּעס אַ גוטע זאַך, און אַ ווייכקייט פאַרגיסט מיר דאָס האַרץ. אַ שטילקייט נעמט מיך דורך אינגאַנצן. און אָט, אירענקע דער־לאַנגט מיר עפּעס — עפּעס אַ זאַך. זי וויל מיר שענקען אַ געשליפן גלעזל, וואָס אַז מען קוקט דורך דעם, זעט מען אַלצדינג אין פאַרשיידענע קאָלירן. נעכטן האָב איך געבעטן, האָט זי מיר אַפילע נישט געגעבן צו קוקן, און אַצינד זאָגט זי:

— נאַ דיר אַף שטענדיק.

צי זי האָט געזאָגט: „נאַ דיר" — ווייס איך נישט, וואָרום איך האָב נישט געהערט. איך האָב בלויז דערהערט:

— אַף שטענדיק.

אַזוי שטילינקע, צאַרט, אַנגענעם, שעמעוודיק.

איך האָב נישט געוואָלט נעמען, וואָרום אָט גיט זי, און שפּעטער וועט זי זיך צעקריגן, אָדער כאַראָטע האָבן און אָפּנעמען. זי קאָן זיך נאָך פאַרקלאָגן, אַז איך האָב אַליין גענומען. וואָרום מיט קליינע קינדער איז שווער אויסצוקומען, ווײַל די גרויסע שטערן אונדז. פּונקט ווי זיי לאַכן אונדז אויס און דערקוטשען, ווײַל מיר זײַנען קליין, טוען מיר דאָס זעל־

בע מיט נאָך קלענערע. עס איז דאָך שיין צו הערן ווי אַ קליין קינד זאָגט: „אַף שטענדיק", און מיר לאַכן זיך אויס דערפון. איז האָב איך נישט גע־וואָלט צונעמען, ווײַל איך האָב נישט קיין צוטרוי, איך האָב מוירע, אַז איך וועל האָבן אַגמאַס נעפּעש. איך נעם עס, קוק, און מיטאַמאָל זע איך אנשטאָט איין פענצטער אַ סאַך פענצטער און פון קאָלערליי קאָלירן. און איך זאָג:

— איך וועל דיר אָפּגעבן.

און זי:

— מ'דאַרף ניסט.

און זי האָט אַרײַנגעלייגט איר קליין הענטל אין מײַנע גרויסע הענט. איך קוק אַף איר האַנט דורכן גלעזל, — און מיר שמייכלען איינער צום אַנדערן.

מיטאַמאָל פרעגט די מאַמע, צי איך האָב געענדיקט די לעקציעס, אַז זי וועט מיר געבן אַף אַ טראַמוויי, איך זאָל פאָרן צו דער מומען און איר אָוועקגעבן דאָס קלייד, וואָס די מילבן האָבן צעפרעסן. און איך, אָנ־געברויגעזט אַף דער שטוב, טראַכט מיר:

— גוט, וואָס איך וועל כאָטש אַביסל נישט זײַן אין שטוב.

— נאָר פאַרליר נישט, זאָגט די מאַמע.

איך האָב בלויז אַ טראַכט געטאָן:

אַ מיידל וואָלט עפּשער פאַרלוירן, אָבער נישט איך.

וואָרום מיט פּאָרוואַרפן אונדז, וואָס מיר זײַנען יינגלעך, העצן זיי אונדז אַליין אַף די מיידלעך. וואָרום וואָס זײַנען מיר שולדיק? אַזוי האָט אונדז שוין גאָט באַשאַפן.

און זיי ראַק:

— די יינגלעך, די יינגלעך.

ענטפערן מיר ווידער צוריק:

— מיידלעך זײַנען אַזוי און אַזוי.

ווי צוויי פײַנטלעכע לאַגערן.

מיר ווייסן דאָך אַליין, וואָס זיי זײַנען ווערט און וואָס מיר.

איז אָט, איך האָב גענומען דאָס קלייד, וואָס די מאַמע האָט אײַנ־געוויקלט אין אַ לײַוונט — און איך לאָז מיך גיין.

אפן טראמווײַ האב איך געמוזט לאנג ווארטן און איך בין אין כּעס, ווארום איך האב געוואלט באלד צוריקקומען אהיים, כּעדיי צו ווײַזן, אז איך האב גיך דערליידיקט. איז אבער עפּעס געשען, אז די טראמווײַען האבן זיך פארהאלטן, און ווען עס איז שוין איינער אנגעקומען, איז ער געווען פול און מען האט זיך נאך גענומען ארײַנשטופּן. און איך שטופּ מיך אויך. איך האב מיך שוין אפילו געהאט אנגעכאפּט בא דער שטאנג, כּעדיי ארײַנצוגיין, ווי מיטאמאל טוט מיך איינער א שטופּ אראפּ, אז איך האב מיך אזש איבערגעקערט. איך בין אזוי בייז געווען, אז איך האב גענומען שעלטן. און יענער שטייט זיך אף די שטיגלעך און זאגט:

— וווּהין קריכסטו? וועסט אראפּפאלן.

וואס פאר א גוט הארץ.

איך האב מיר געטראכט:

— וועסט אליין אראפּפאלן, שיקער איינער.

ער איז אבער גארנישט געווען שיקער. איך האב בלויז פון כּעס געזידלט. ער האט מיך גאנץ ניכטער ארויסגעשטופּט פון טראמווײַ, ווײַל ער איז שטארק, ווײַל ער איז א גרויסער.

איך ווארט ווײַטער, אבער דער צווייטער טראמווײַ איז אויך פול. איך האב באצאלט און איך פאר. אבער איך טראכט כּעסיידער, ווי געמיין ער האט מיך אראפּגעשטופּט. אזא געמיינער נעפעש, א גראבער יונג, און נאך א דערוואקסענער דערצו, — גיט קינדער א בײַשפּיל.

און ווידער האט מיך איינער א שטופּ געטאן. ער האט מיך עפּעס אזוי געטאן א שאר אוועק, ווי א טויטע זאך: דאס קלייד איז מיר שיר ארויסגעפאלן. און וואס פאר א שלעכטס האב איך דאס געזאגט? יעדער איינער וואלט געזאגט דאס זעלבע:

— פארזיכטיקער.

און ער, ווי ער גיט דאס אף מיר א פאר־ארויף:

— איך וועל דיר געבן פארזיכטיקער.

איך האב בלויז איבערכאזערט:

— נו אוואדע, פארזיכטיקער.

און ער טוט מיר א שטעק די לאפּע אונטער דער גאמבע.

זאג איך:

— לאזט מיך אפּ.

און ער:

— טאָ רייד נישט קיין אזעס.

זאָג איך:

— איך רייד נישט קיין אזעס.

מיטאַמאָל מישט זיך אַריין עפּעס אַן אַלטער. ער האָט גאָרנישט געזען, ער ווייסט פון גאָרנישט, — און ער הייבט אָן:

— וואָס פאַר אַ דערציִונג מען גיט היינט. אַזאַ כוצפּעניק זאָל נישט אָפּטרעטן פאַר אַן עלטערן.

זאָג איך:

ער האָט נישט געזאָגט, איך זאָל פאַר אים אָפּטרעטן.

און יענער צו מיר:

— איך וועל דיר שוין זאָגן, הונט איינער.

— איך בין נישט קיין הונט, נאָר אַ מענטש, און איר האָט נישט קיין רעכט צו שטופּן.

— וועסט מיך לערנען, וואָס איך האָב רעכט.

— אוודע.

דאָס האַרץ קלאַפּט מיר און אין האַלדז שטיקט. זאָל ווערן אַ סקאַנדאַל. איך לאָז מיך נישט. און דערווייל הייבן אָן מענטשן זיך אומצוקוקן. זיי כידעשן זיך, וואָס אַ קליינער, און לאָזט זיך נישט.

— נו, און וואָס וועסטו מיר טאָן, אַז איך וועל דיר אַזוי אַ דערלאַנג טאָן איבער די אויערן?

— וועל איך רופן אַ מיליציאַנט און אייך הייסן אַרעסטירן, ווייל איר מאַכט אוואַנטורעס אין טראַמוויי.

דאָ הייבן אָן פּלוצלינג צו לאַכן און ער אויך. זיי זיינען שוין אַפילע גאָרנישט אין קאַס, נאָר זיי לאַכן בלויז, ווי איך זאָל האָבן געזאָגט עפּעס אַ וויץ. מען הייבט זיך אַזש פון די בענק, קעדיי מיך אָנצוקוקן.

איך האָב שוין נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן, זאָג איך:

— אַנטשולדיקט, איך וויל שוין אַראָפּגיין.

און ער פאַרהאַלט מיך:

ביסט דאָך ערשט אַרויפגעקומען, זאָגט ער, פאַר אַביסל.

און דאָרט זיצט זיך איינע אַ גראָבע צעלייגט און זאָגט:

— וואָס פֿאַר אַן אײַנגעגעסענער וואָרעם.

איך האָב מיך שוין אַפֿילו נישט צוגעהערט צו יעדן איינעמס שטאָכ־וואָרט.

— איך וויל אַרויסגיין! — שרײַ איך.

ער מאַכט זיך גאָרנישט דערפֿון:

— וועסט נאָך צײַט האָבן — זאָגט ער — ביסט נאָך יונג. וואָס אײַלסטו זיך אַזוי?

איך האָב אַ געשרײַ געטאָן מיטן גאַנצן קויעך:

— הער קאָנדוקטאָר!

ערשט דעמאָלט האָט זיך איינער אָנגענומען פֿאַר מיר:

— נו, לאָזט אים שוין אָפּ, מײַנע הערן.

און איך בין אַרויס, און אַלע קוקן ווי אויף עפּעס אַ בייז וווּנדער. זיי האָבן אַוודאי נאָך געלאַכט פֿון מיר אַ האַלבע שעה.

מען הייסט אונדז נאָך האָבן דערעך־ערעץ פֿאַר זיי, — איך וואָלט וועלן וויסן פֿאַרוואָס. געמיינע יונגען בלויז. דאָס געבאָט זאָגט: „גיב אָפּ קאָוועד דײַן טאַטן”, אָבער נישט יעדן איינעם, וואָס איז פֿריער פֿאַר דיר געבוירן געוואָרן. אַ גרויסע קונץ. און וואָס זאָל מונדעק טאָן, אַז ער האָט אַ טאַטן אַ שיקער? „הונט, אײַנגעגעסענער וואָרעם, כוצפּעניק, שלעכטע דערציִונג”. אַדעראַבע, גיט איר אַ בײַשפּיל פֿון גוטער דערציִונג. און אַז דער לערער האָט בעשאָס דער לעקציע אַ גאַנצע שעה זיך געגראַבלט אין נאָז? וואָס דאַרף ער זיך דאָרט זשעגירן פֿאַר קליינוואַרג? און מען רופֿט אונדז נאָך ראָצערס. בלויז קעדיי צו באַליידיקן און דערנידעריקן. איז דען אַ כידעש, אַז ווען די קינדער וואַקסן אויף, גייען זיי אַרום מיט אַזאַ רעציכע איבער דער וועלט?

מיר האַלטן קאָפּ, מיר זעען אַ סאַך, מיר וויסן אַ סאַך, נאָך מער זײַנען מיר זיך מעשאַער און האָבן אַ פֿאַרגעפֿיל. אָבער מיר מוזן זיך מאַכן טאַמעוואַטע, ווײַל מען האָט אונדז פֿאַרמויערט די מײַלער.

דער לערער גראַבלט זיך אין נאָז בעשאָס די לעקציעס, און די לערערן דרייט זיך אויס צום פֿענצטער, נעמט אַרויס ביגנייווע אַ שפּיגעלע און מאַלעוועט זיך די ליפּן. צי מיינען זיי, אַז מיר זײַנען בלינד, ווען עס זיצן פֿון אונדז פֿערציק? פֿאַרוואָס טוען זיי דאָס נישט, ווען דער אינספּעקטאָר איז דאָ?

און זײ וואַנדערן זיך, פאַרוואָס מען טוט זײ אַמאָל עפּעס אָפּ צו־לאַכעס.

וואָרום מיר פילן דאָך, אַז זײ מאַכן אונדז קאַליע. די מאָראַל איז באַ זײ בלויז אויף דער צונג, אָבער זײ האָדעווען־אויף אין אונדז פאַלשקייט און כניפע. קעדײ ווען מיר וועלן אויפוואַקסן, זאָלן מיר דערנידעריקן דעם שוואַכערן, און קריכן פאַרן שטאַרקערן.

אַזויווי דער פריַיסישער לערער האָט זיך באַרימט, אַז דאָס האָט ער געוווּנען די שלאַכט פון סעדאַן. אָבער באַ דער מאַרנע האָט ער געקריגן איבער דער פעל, און מיר האָבן געזיגט, בעיִיס עס איז קימאַט באַ אונדז נישט געווען קײן שולן.

איך גײ מיר אַזױ מיטן קלײד אונטערן אָרעם, און עס פּלאָנטערן זיך מיר מאַכשאָוועס פון דערוואַקסענע אויסגעמישט מיט קינדערישן ווייטיק און געפיל פון באַליידיקונג.

בלויז פיר סטאַציעס בין איך געפאָרן, צו דער מומען איז נאָך ווײַט, אָבער איך וויל ליבער לויפן, איידער מיט זײ זיך ארומצוריַיסן.

און אינדערהיים זאָגט די מאַמע ווי אויף צולאַכעס:

— וואָס האָט עס אַזױ לאַנג געדויערט?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט. וואָרום עס האָט זיך מיר פּלוצלינג אויסגעדאַכט, אַז די מאַמע איז אין אַלעם שולדיק. ווען איך זאָל נישט געווען באַלד פון דער היים אַרויסגיין צערייצט, וואָלט איך עפשער נישט געמאַכט קײן אַוואַנטורעס אין טראַמוויַי. מען טרעט־אָפּ אַזויפיל מאָל, וואָלט געווען נאָך איין מאָל. און דאָס שפּריכוואָרט, ווי אויף כויזעק, זאָגט גאָר, אַז דער קלוגער טרעט־אָפּ דעם נאַר. גײ זוך אַצינד דעם קלוגן.

עס איז מיר אַ שאָד, וואָס דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַזױ שײן, און זיך געענדיקט אַזױ טרויעריק.

איך ליג שוין, אָבער איך קאָן נישט איַינשלאָפן, נאָר איך טראַכט אַלץ:

— אַזױ אַפּאָנעם מוז שוין זײַן. אין דער היים איז נישט גאָר גוט, און די וועלט איז נאָך ערגער. איז עס פאַר זײ, הייסט עס, אויסגעקומען אַזױ לעבערלעך? הייסט עס, אַז איך בין קלײן, טאָר איך נישט רופן אַ מיליציאַנט, נאָר זײ מעגן מיך אַראָפּשטופּן פון טראַמוויַי, אָנכאַפּן אונ־טער דער גאָמבע און דראָען מיט שלאָגן.

צי זײַנען סאַך קאָל סאַך קינדער מענטשן אָדער נישט? און איך ווייס שוין אַפילע נישט, צי איך זאָל מיך פרייען, וואָס איך בין אַ קינד, צי איך זאָל מיך פרייען, וואָס דער שניי איז ווידער ווײַס, צי זאָל איך זײַן טרויעריק, ווײַל איך בין שוואַך.

ביז עס קומט צו הילף דאָס טרוימערײַ. וואָרום וויפל מאָל עס ווערט צו שווער צו לעבן אַף דער וועלט, קומט טאָמיד אַ טרייסט דורך עפּעס אַן אָנגענעמען געדאַנק. עס הייבט זיך אָן אַזוי:

— ווי גוט וואָלט געווען, ווען...

און דערנאָך גייט שוין ווײַטער — ווײַטער, גלײַך עס וואָלט אינדער־עמעסן אַזוי געווען.

אַלזאָ, אַז איך בין ווײַטער אַ קינד, אָבער שטאַרק ווי אַ דערוואַקסע־נער. נײן, ווי פּיטקאַשינסקי. אַן אַטלעט בין איך. און ווען ער האָט מיר געזאָגט אין טראַמווײַ, אַז ער וועט מיר דערלאַנגען איבער די אויערן, זאָג איך:

— ביטע זייער.

און איך גיב אים אַזוי אַ קוועטש די האַנט, אַז ער שפּרינגט אַזש אויף פון ווייטיק.

— לאָז אָפּ, — שרײַט ער.

און איך זאָג:

איר האָט דאָך מיר געוואָלט דערלאַנגען איבער די אויערן. אויב איך בין אַ הונט, טאָ גיט מיר מיט אַ שטעקן.

און איך קוועטש נאָך שטאַרקער. ער פאַרמעסט זיך מיט דער צוויי־טער האַנט, טו איך אַ כאַפּ די צווייטע.

— לאָז אָפּ — לאָז אָפּ די מינוט.

— אויב איר וועט זיך אַנטשולדיקן, וועל איך אָפּלאָזן.

עס איז אָנגענעם געווען צו טראַכטן און אויסצומאָלן זיך די פאַר־שיידענע אויפאַנים. וואָרום אין דער אַנדערער האַנט האָב איך דאָך גע־האַלטן דאָס קלייד, האָב איך דאָך נישט געקאָנט אים אויך מיט איר האַלטן.

דערוואַקסענע כידעשן זיך, וואָס יִנגלעך ווילן זײַן שטאַרק.

— צי איז דער לייב שטאַרקער פאַרן בער? און צי קאָן דער שטאַרקס־טער מענטש זיך ווערן, אויב עס באַפאַלן אים הונדערט מענטשן? און צי

איז דער דירעקטאָר שטאַרקער, אָדער דער לערער פון גימנאַסטיק? ווער איז דער שטאַרקסטער אין קלאַס, אין דער גאַנצער שול? אין גאַנץ פּוילן? ווער וועמען וועט לייגן, ווער וועט גיכער לויפן, ווער וועט צום ווײַטס־טן וואַרפן, ווער וועט העכער שפּרינגען?

דאָס איז נישט קיין נאַרישע קינדערישע נײַגעריקייט, נישט קיין שפּיל, נאָר אַ פּרווו קענען וועמען מיר וועלן זיך קענען פאַרטיידיקן.

דערוואַקסענע ווייסן נישט, וויפל אַ יינגערער לײַדט פון אַן עלטערן און שטאַרקערן. ער רײַסט דיר עפּעס אַרויס פון דער האַנט און אַנטלויפט, ער טוט דיר אַ קלאַפּ און לאַכט נאָך, וואָרום ער ווייסט, אַז דו וועסט אים גאָרנישט טאָן. ער וועט דיך אַראָפּטרײַבן פון פּלאַץ, אוועקשטופּן, כאָטש דו ביסט געווען דער ערשטער, ער וועט דיר אַראָפּוואַרפן דעם פּאַלטאָ פון הענגער, וועט דיך זידלען, באַליידיקן, אַראָפּרײַסן דאָס היטל פון קאָפּ, קאַליע מאַכן די שפּיל, נישט לאָזן קוקן, און דו קאָנסט גאָרנישט טאָן, סײַדן דו וואַרפסט זיך אַף אים ווי אַ מעשוגענער, טאָ וועט ער דיך נאָך גוט צעקלאַפּן. און ער וועט זיך שוין טאָמיד גרינגער אַרויסדרייען, וואָרום ער איז פּיפּיקער. און נישט אַלעמאָל וועסטו אַפילע זאָגן, באַקלאָגן זיך אַף אים, וואָרום עס וועט דיר גאָרנישט העלפן, און ער וועט זיך נאָך נויקעם זײַן.

אויב דו ביסט געשיקט, קאָנסטו אים עפּעס אַ געשריי טאָן, אָדער אים דערלאַנגען אַ פּראַסק און אַנטלויפן.

נישטאָ צווישן אונדז קיין רעכט און גערעכטיקייט. מיר לעבן ווי די פּאַרהיסטאָרישע מענטשן. טייל באַפאַלן, אַנדערע באַהאַלטן זיך און אַנט־לויפן. און אַ פּויסט, און אַ שטעקן, און אַ שטיין. נישטאָ קיין אָרגאַניזאַ־ציע, נישטאָ קיין ציוויליזאַציע. וואָרום ס׳איז קלוימערשט יאָ דאָ, אָבער פאַר דערוואַקסענע, נישט פאַר קינדער.

אונדזער שפּראַך איז אָרים און אומבאַהאָלפן (אַזוי דאַכט זיך אײַך), ווײַל זי איז נישט גראַמאַטיש. דעריבער דאַכט זיך אײַך, אַז מיר טראַכטן ווייניק און פילן ווייניקער. אונדזערע גלויבענישן זײַנען נאַיוו, ווײַל מיר האָבן נישט דאָס ווייסן פון די ביכער, און די וועלט איז אַזוי גרויס. טראַ־דיציע פאַרטרעט אונדז דאָס געשריבענע געזעץ. אונדזערע מינהאָגים פאַרשטייט איר נישט און איר דרינגט נישט אַרײַן אין אונדזערע איניאָ־נים.

מיר לעבן ווי אַ קאַרליקעס־פֿאָלק, אונטערייאָכט דורך ריזן, פּריס־טערס, וואָס פֿאַרמאָגן מוסקולן־קראַפֿט און געהיימע וויסנשאַפֿט.

מיר זײַנען דער דערנידעריקטער קלאַס, וועלכן איר ווילט אויפֿהאַלטן באַם לעבן פֿאַר אַ שיבעש, דורך דער מינימאַלסטער אָנשטרענגונג.

מיר זײַנען זייער קאָמפּליצירטע באַשעפֿענישן, דערבײַ אין זיך פֿאַרשלאָסענע, אומצוטרויִלעכע און באַהאַלטענע, און עס וועלן אײַך גאָרנישט זאָגן דעם כּאָבעמס אויגנגלעזער, אויב איר האָט נישט אין אונדז קיין עמונע און מיטגעפֿיל.

און אונדז פֿאַרשן דאַרף מען עטנאָלאָג, אַ סאָציאָלאָג, אַ נאַטור־פֿאָרשער, און נישט קיין פּעדאַגאָג, דעמאַגאָג.

אונדזער איינציקער ברודער צווישן אײַך איז דער קינסטלער, וועל־כער איז צו אונדז גוט געשטימט אין דער מינוט פֿון באַגײַסטערונג, אין דער דאָזיקער זעלטענער קאַפּריזנער אויסנאַם־מינוט. דעמאָלט זעט איר אין אים די ענלעכקייט צו אַ קינד. אָבער אויך ער וועט אונדז בלויז נאָר אַ מײַסעלע דערציילן.

נו יאָ: איר האַלט זיך לעגאַבע אונדז מיט הומאָר, זעלטן מיט גוטן, אָפֿט מיט בייזן.

איך בין אויפֿגעקומען פֿון שלאָף אַ טרויעריקער.

---

# ראַבטשיק

איך בין אויפגעקומען א טרויעריקער.

ווען מען איז טרויעריק, איז נישט שלעכט.

טרויער — דאָס איז אַ ווייך און אָנגענעם געפיל. גוטע מאַכשאָ־ווע‏ס קומען אַפן זינען. מען האָט דאַן מיטלייד מיט יעדן: אי אַף דער מאַמען, ווייל די מילבן האָבן איר אַ טעל געמאַכט פון קלייד, אי אַפן טאַטן, ווייל ער האָרעוועט, אי אַף דער באָבען, ווייל זי איז אַן אַלטיטשקע און וועט אינגיכן שטאַרבן, אי אַפן הינטל, ווייל עס איז אים קאַלט, אי אַפן בלימל, ווייל עס האָט אַראָפּהענגעוודיקע בלעטלעך און איז אַוואַדע קראַנק. מען וויל העלפן יעדן און מען וויל אַליין בעסער ווערן.

מיר האָבן דאָך אויך ליב טרויעריקע מייסעלעך, הייסט עס, אַז מיר נייטיקן זיך אין טרויער, וואָס איז ווי אַ מאַלעך, וועלכער קומט, קוקט און לייגט אַרויף די האַנט אַף דיין קאָפּ, און עס איז, ווי ער זאָל אָטעמען מיט פליגל.

עס גלוסט זיך צו זיין אַליין, אָדער שמועסן מיט עמעצן וועגן פאַר־שיידענע זאַכן.

און מען האָט מוירע, אַז עס קאָן עמעצער קאַליע מאַכן דעם דאָזיקן טרויער, נישט קאַליע מאַכן, נאָר פאַריאָגן.

איך האָב מיך אַנידערגעשטעלט באַם פענצטער, אַף די שויבן האָבן זיך דורך דער נאַכט אָנגעצייכנט שיינע בלומען. נישט בלומען, נאָר בלע־טער. פאַלמעס אַזעלכע. מאָדנע בלעטער, אַ מאָדנע וועלט. וואָרום פאַר־וואָס איז עס אַזוי געוואָרן, פונוואַנען האָט זיך עס גענומען?

— פאַרוואָס טוסטו דיך נישט אָן? — פרעגט דער טאַטע.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט, איך גיי בלויז צו צו אים און זאָג:

— גוט מאָרגן.

און איך האָב אים אַ קוש געטאָן אין האַנט, און ער טוט אַף מיר אַ קוק.

דערנאָך האָב איך מיך גיך אָנגעטאָן. געגעסן און אַוועק אין שול.

— וואָס יאָגסטו דיך עפּעס הײַנט אַזוי אין שול אַרײַן? — פרעגט די מאַמע.

— איך וועל אָפּטרעטן אין קלויסטער, — זאָג איך.

וואָרום איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך לאָז דורך צו זאָגן דאָס געבעט און עס איז מיר געוואָרן אומעטיק.

איז גיי איך אַרום פאַרן טויער און קוק, צי מונדעק גייט נישט. אָבער ניין.

דאָס וואַסער איז פאַרפרוירן געוואָרן. די ייִנגלעך מאַכן שויז אַ גליטש. זיי מאַכן זי גלאַטיק. טכילעס אַ קליין שטיקל, דערנאָך וואָס אַמאָל ווײַטער, און אַט קענען זיי זיך שוין אַלע גליטשן.

איך האָב מיך אָפּגעשטעלט, אָבער ניין. איך גיי ווײַטער.

און אָנשטאָט מונדעקן באַגעגן איך ווישניעווסקין. און ער טוט אַ זאָג:

— דו, טריפּשטיק, וואָס מאַכסטו?

איך האָב טכילעס נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל. ערשט שפּעטער האָב איך מיך געכאַפּט. אַז ער גיט מיר אַ נײַעם צונאָמען. צוליב יענער צייכענונג דעמאָלט, ווײַל איך האָב אויפגעצייכנט אַ טריפּטיק.

איך זאָג:

— טראָג זיך אָפּ.

ער טוט זיך אַ שטעל אַוועק מיליטעריש, סאַלוטירט און זאָגט:

— צום באַפעל.

איך זע, אַז ער זוכט זיך צו טשעפּען, גיי איך אַריבער אַף דער אַנדערער זײַט. ער האָט מיך נאָך בלויז אַ שטופּ געטאָן, און איך האָב מיך גלײַך פאַרנומען אין אַ זײַטיקער גאַס.

— איך האָב צײַט, טראַכט איך מיר, איך וועל גיין אַף אַרום.

איך גיי אָן כיישעק אין שול אַרײַן. דאָרט איז באַלד געשרייען, אַ שטופּעניש, יעדער זאָגט עפּעס. טיילמאָל גייט מען בעקיוון פּאַמעלעך, אָדער מיט אַ ווײַטערן וועג, קעדיי צו קומען גלײַך צום אָנהייב פון דער לעקציע. עס איז גוט צו קומען פּונקט, ווען עס קלינגט דאָס גלעקל, ווײַל באַלד

גייט אַרײַן דער לערער און מען האָט מענוכע. אַז מען האָט אַ זייגער, קאָן מען אויסרעכענען, אָבער אַזוי קאָן מען נאָך פֿאַרשפּעטיקן.

אָבער עס מאַכט נישט אויס. איך האָב מיך פֿאַרנומען אין נאָך אַ גאַס. גלײַך ווי עס וואָלט מיך דאָרט עמעצער גערופֿן, ווי עס וואָלט מיך אַהין עפּעס געשטויסן. עס טרעפֿט, אַז אַ מענטש טוט עפּעס און ווייסט אַליין נישט פֿאַרוואָס. און עס קומט אַרויס אַמאָל שלעכט און אַמאָל גוט. אַז עס קומט אַרויס שלעכט, זאָגט מען, אַ נישט־גוטער האָט געצויגן. וואָרום ערשט שפּעטער כּידעשט מען זיך: צו וואָס האָב איך דאָס געטאָן?

אַלזאָ איך ווייס אַליין נישט פֿאַרוואָס, אָבער איך מאַך אַ גרעסערן אומוועג. מיט גאָר אַן אַנדער וועג. איז אָט גיי איך מיר אַזוי, און פּלוצלינג דערזע איך אַ הינטל שטייט אַפֿן שניי.

אַזאַ קליין הינטל, אַזאַ דערשראָקנס. עס שטייט אַף דרײַ פּיסלעך, און דאָס פֿערטע האַלט עס אין דער לופֿטן. און עס ציטערט, און עס טרייסלט זיך. און די גאַס איז פּוסט. בלויז ווו־נישט־ווו גייט עמעצער פֿאַרבײַ.

איך שטיי און קוק דערויף און טראַכט, אַז מען האָט עס אַוועקגעטריבן, און אַצינד ווייסט עס נישט, וווּהין צו גיין. עס איז ווײַס, בלויז איין אויער איז שוואַרץ און דער עק פֿון ווײַדעלע איז שוואַרץ. דאָס פּיסעלע הענגט בײַ אים אַראָפּ, און עס קוקט אַף מיר בעטנדיק, אַז איך זאָל מיך דערמיט פֿאַרנעמען. עס האָט אַזש אויפֿגעהויבן דאָס ווײַדעלע, אָבער בלויז אַ צוויי מאָל עפּעס אַזוי טרויעריק אַ טרייסל געטאָן. בלויז הין און צוריק, גלײַך ווי עס וואָלט אַנטשטאַנען אין אים עפּעס אַ האָפֿענונג. און עס איז צו צו מיר. אָבער מען זעט, אַז עס טוט אים וויי. אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן. און עס האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט און וואַרט. דאָס שוואַרצע אויער האָט זיך אויפֿגעהויבן, און דאָס ווײַסע הענגט אַראָפּ. און פּונקט ווי עס וואָלט געבעטן, אָבער עס האָט נאָך מוירע. עס האָט זיך באַלעקט — מיסטאָמע הונגעריק — און עס קוקט אַזוי בעטנדיק.

איך מאַך אַ פּרווו און גיי עטלעכע טריט, דאָס הינטל גייט מיר נאָך. עס הינקט אַזוי אונטער אַף די דרײַ פּיסלעך, און וואָס איך קוק מיך אום, בלײַבט עס שטיין. עס איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַ טופּע צו טאָן מיטן פּוס און אַ געשריי טאָן: „אַהיים”, קעדיי צו זען, וווּהין עס וועט גיין. אָבער

עס איז מיר א ראכמאָנעס געווען, האָב איך נישט געשריגן, נאָר א זאָג געטאָן:

— גיי אהיים, וואָרום דו וועסט געפרוירן ווערן.

און דאָס הינטל טוט זיך א לאָז גלייך צו מיר.

וואָס קאָן מען דאָ טאָן? איך וועל דאָך נישט לאָזן, עס זאָל פאַר־פרוירן ווערן.

און דאָס הינטל איז צוגעגאַנגען גאָר נאָנט, האכנאָעדיק זיך אראָפּ־געלאָזט אַף דער ערד און געציטערט. און איך בין שוין זיכער, אינגאַנצן זיכער, אַז מײַן ראַבטשיק איז היימלאָז. עפשער וואַלגערט ער זיך שוין אזוי ארום א גאַנצע נאַכט? עפשער איז דאָס שוין געקומען זײַן לעצטע שאָ? און גראָד גיי איך מיט א גאַנץ אַנדערן וועג אין שול אַרײַן, און גראָד קאָן איך אים אָפּראַטעווען אין דער דאָזיקער לעצטער שאָ.

איך נעם אים אַף דער האַנט, און ער טוט מיך א לעק. ער איז אינ־גאַנצן קאַלט, בלויז דאָס צינגעלע איז אביסל וואַרעם. צעעפן איך גיך דעם מאַנטל און טו אים א נעם אַרונטער אונטערן מאַנטל, בלויז דאָס קעפּל האָב איך געלאָזט אַרויסשטעקן, נישט מער ווי דאָס פּיסקל, ער זאָל קענען אָטעמען. און ער גראַבלט מיט די פיסלעך, ער וויל זיך אין עפּעס פאַרטשעפּען, קעדיי נישט אַרויסצופאַלן. איך וויל אים אונטערהאַלטן, אָבער איך האָב מוירע, נישט ווי צו טאָן דאָס פּיסל, האָב איך אים אָרומ־גענומען מיט דער האַנט, און איך דערפיל זײַן האַרץ קלאַפּן, עס זעצט אזש.

ווען איך זאָל וויסן, אַז די מאַמע וועט דערלויבן, וואָלט איך נאָך באַוויזן אהיימצוגיין. וואָס וואָלט געשאַדט, ער זאָל בלײַבן אין שטוב. איך וואָלט אים געגעבן צו עסן פון מײַן עסן. אָבער איך האָב מוירע אהיימצוגיין, און אין שול וועט מען מיך מיט אים נישט אַרײַנלאָזן. דער־ווײַל האָט ער זיך באַקוועם אײַנגעלייגט אונטערן מאַנטל, אויפגעהערט זיך צו רירן און די אייגעלעך צוגעזשמורעט. און האַלטנדיק אים אזוי אונ־טערן מאַנטל, האָט זיך מיר אַן אָרבל אביסל אַרויפגערוקט און איך האָב געזען, אַז ער וויל אַפילע נישט אָטעמען די דרויסנדיקע לופט, נאָר האָט אײַנגענורעט דאָס מאָרדעלע אין אָרבל און אָטעמט דאָרט אַרײַן. און ער הייבט שוין אָן זיך צו דערוואַרעמען. ער וועט אוודע באַלד אײַנשלאָפן.

וואָרום ער איז אַ גאַנצע נאַכט געווען אַפּן פּראָסט און נישט געשלאָפן, וועט ער אַצינד אַוודאי אײַנשלאָפן. וואָסזשע וועל איך דאָן טאָן?

איך קוק מיך אַרום, איך דערזע אַ געוועלבל. טראַכט איך:

— וואָס ס'וועט זײַן, זאָל זײַן. איך וועל אַרײַנגיין. עפּשער איז ער פון דעם געוועלב פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן? איך וועל פרעגן.

איך ווייס, אַז נישט, אָבער איך פּרוּוו, וואָרום וואָס האָב איך געזאָלט טאָן?

גיי איך אַרײַן און פרעג די פרוי:

— איז דאָס נישט אײַער הינטל?

זי טוט אַ קוק און זאָגט:

— ניין.

אָבער איך גיי נישט אַרויס. ווען איך זאָל האָבן געלט, וואָלט איך פאַר אים געקויפט מילך. און די פרוי זאָגט:

— ווײַז נאָר אַהער.

אַ דערפרייטער נעם איך אים שנעל אַרויס, אָבער ער שלאָפט שוין. און איך זאָג:

אָ אָ אָ אָ.

די פרוי האָט זיך עפּעס ווי מעיאשעוו געווען און ווידער געזאָגט:

— ניין, ס'איז נישט מײַן.

און איך:

עפּשער ווייסט איר וועמענס עס איז. וואָרום עס מוז זײַן פון דאָ נישט ווײַט.

און זי:

— איך ווייס נישט.

זאָג איך ווײַטער:

— עס איז אים קאַלט.

איך האַלט אים אַזוי, אָבער ער רירט זיך נישט אַפילו, אַזוי שטאַרק שלאָפט ער. ווען איך זאָל אים נישט פילן, וואָלט איך געמיינט, אַז ער איז געשטאָרבן, אַז ער איז שוין טויט.

איך שעם מיך צו זאָגן, אַז זי זאָל אים כאָטש האַלטן דערווײַל, און איך וועל אים שפּעטער צונעמען. עס איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז אויב נישט, וועט אים עפּשער דער שולדיגער האַלטן באַ זיך דורך דער צײַט פון די

לעקציעס. דער פון ערשטן שטאָק איז אַ שלעכטער, אָבער פון צווייטן איז אַ גוטער: ער שמועסט און שפּאַסט מיט אונדז און פאַרשניצט אונדז בלײַפעדערס.

און די פרוי זאָגט:

— דו ווינסט אָפּ אָט דער גאַס?

ווי זי זאָל דערמיט מיינען, אַז זי קען מיך נישט און אַז איך סויף גאָרנישט, טאָ צו וואָס שטיי איך דאָ?

— נו, גיי שוין, גיי, — זאָגט זי — די מאַמע האָט דיך געשיקט אין שול אַרײַן, און די שפּילסט זיך גאָר מיט אַ הונט. און פאַרמאַך גוט די טיר.

זי האָט געמיינט, אַז ווײַל איך בין אַזוי פאַרזאָרגט, וועל איך אַוודאי פאַרגעסן צו פאַרמאַכן די טיר און עס וועט אַרײַן אַ קעלט. וואָרום יעדער טראַכט דאָך נאָר, אַז עס זאָל אים זײַן וואַרעם. אַ הונט איז דאָך אָבער אויך גאָטס אַ באַשעפעניש.

איך גיי אַרויס און איך ווייס שוין נישט, וואָס צו טאָן, אָבער איך פּרוּוו נאָך:

— זעט נאָר, אַזאַ ווײַסער, ער איז לאַבלוטן נישט קרעציק.

אָבער איך פאַרשטעל מיט דער האַנט, אַז ער האָט אַ לאַם פּיסל. און עפּשער איז עס בלויז אָפּגעפרווירן?

און זי:

— פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ מיטן הונט.

אָט האָסטו: איך פאַרדריי שוין אַ קאָפּ. ווי איך זאָל שולדיק זײַן, וואָס דער הונט ווערט געפרווירן פון פראָסט.

נו מיילע, פאַרפאַלן. אויב דער שולדינער וועט נישט ווענלן, טאָ זאָל ער אַליין אים אַרויסוואַרפן.

און די יינגלעך וועלן באַלד מאַכן אַ געשריי איבער דער גאַנצער שול:

— אָ אָ אָ, אַ הונט, אַ הונט האָט ער געבראַכט!

און עס וועט נאָך דערהערן עמעצער פון די לערערס. מען דאַרף עס דעריבער מאַכן שטילערהייט. און אַזוי ווי איך האָב אומזיסט פאַרלוירן אַזויפיל צײַט, טו איך אים אַצינד אַ שטופּ אַרונטער נישט אונטערן מאַנטל, נאָר אונטער דעם רעקל, איך קוק שוין אָפּילע נישט, וואָס עס וועט זײַן דושנע. און איך לויף אין שול אַרײַן. וואָרום דער שולדינער וועט אַוודע

מאַסקים זײַן. איך וועל בײַ עמעצן באָרגן און קויפן מילך פאַר מײַן ראַב־טשיק.

ראַבטשיק האָב איך אים אַ נאָמען געגעבן.

איך לויף אַזוי, און ער האָט זיך שוין אײַנגעגעסן צעוואַרעמט מיטן לײַב. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן דראַפּען, זיך דרייען, ער האָט דאָס נעזל אַרויסגעשטעקט און אַ האַווקע געטאָן, נישט קיין האַווקע, נאָר אַ ברום — אַ ברום אַזאַ, וואָס הייסט, אַז ער פילט זיך גוט און ער דאַנקט. מכּלעם איז פון אים געגאַנגען אַ קעלט אויף מײַן ברוסט, אָבער אַצינד וואַרעמט ער שוין מיך. גלײַך ווי איך וואָלט צוגעטוליעט אַ קינד. איך האָב מיך אָנגעבויגן און אַ קוש געטאָן, און ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן:

איך גיי גלײַך צום שולדינער:

— איך בעט אײַך, נעמט און באַהאַלט אים. ער איז געווען אַזוי געפרוירן.

— ווער איז געווען געפרוירן?

— ער.

ער האָט אַ קוק געטאָן, אַז איך האַלט אַ הונט. ער איז געוואָרן אָנגע־במורעט.

— און פונוואַנען האָסטו אים גענומען?

— פון דער גאַס.

— נאָכוואָס האָסטו אים גענומען — אַ פרעמדן הונט?

— ער איז אָן אַ היים. דאָס פּיסל איז בײַ אים אונטערגעהאַקט.

טאָ ווו וועל איך אים באַהאַלטן? צו וואָס האָסטו אים געריכט פון אָרט. עפּשער האָט ער דאָרט געהאַט עמעצן?

— קיינעם נישט, זאָג איך. איך האָב אַלעמען געפרעגט. ווען ער זאָל געווען האָבן, וואָלט מען אים נישט געווען אַרויסגעטריבן פון שטוב אין אַ פראָסט.

און ער:

— אַ קרעציקער עפּשער.

— וואָס רעדט איר, אַ ווײַסינקער.

קלוימערשט האָב איך מיך באַליידיקט, און איך פריי מיך, וואָרום אויב ער וועט אים נעמען צו באַקוקן, וועט ער אים שוין פאַרהאַלטן.

אָבער עמעצער האָט שוין געהאַט דערזען, גיב איך אים גיך אַ נעם אונטער דעם מאַנטל. און דער שולדינער זאָגט אים:

— גיי אַוועק. זע, די שטיוול זײַנען באַ דיר אײַנגעריכט מיט שניי.

און ער האָט אים אַוועקגעטריבן.

אָבער ער וויל נאָך אַלץ נישט. ער זאָגט:

— איר זײַט דאָ אַזוי פיל, און אַז יעדער וועט מיר אָנהייבן ברענגען הינט פון דער גאַס.

איך בעט אײַך, בלויז אויף אַ פּאָר שאָ. איך וועל אים באַלד נעמען אַהיים.

— מען וועט דיר באַלד דערלויבן.

איך זאָג:

— איך וועל גיין אויף יענער גאַס, עפּשער וועט זיך עמעצער געבן צו אים צו דערקענען.

ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין שטערן, און איך טראַכט: „גוט”.

ער ציט נאָך אַלץ אָפּ:

— איך האָב דאָ ווייניק אויסצושטיין פון אײַך, זאָגט ער, דאַרף איך נאָך מיט הינט.

אָבער ער האָט אים גענומען. אַ מענטשלעכער מענטש. דער פון ערשטן שטאָק וואָלט נישט גענומען, ער וואָלט נאָך אויסגעזידלט.

איז האָט ער אים גענומען. די יינגלעך האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צונויפקלײַבן. און מײַן ראַבטשיק האָט פאַרשטאַנען, וואָרום ער האָט קיין פּיפּס נישט געטאָן, בלויז געקוקט אויף מיר. באַלד האָט געקלונגען דאָס גלעקל. איך האָב ראַבטשיקן דערווײַל אײַנגעאָרדנט און נישט פאַרשפּע־טיקט די שול. און די לעקציע האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן.

איך זיץ, אָבער איך בין טרויעריק. וואָרום כאָטש עס איז ראַב־טשיקן אַצינד וואַרעם, איז ער אָבער אַוואַדע הונגעריק.

איך זיץ, אָבער איך טראַכט, פונוואַנען נעמען געלט אויף מילך פאַר ראַבטשיקן.

איך זיץ, אָבער איך טראַכט, אַז איך בין אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן אין אַ וואַרעם בעט און אַפילע נישט געוווּסט, אַז דאָס הינטל נעבעך נעכטיקט אויפן פראָסט און אַז ווען איך וואָלט אַפילע געוווּסט,

וואָלט איך אויך גאָרנישט געקאָנט העלפֿן. פֿאַרוואָס? איך וועל דאָך מיך נישט אָנטאָן און גיין בײַנאַכט זוכן ראַבטשיקן אױף דער גאַס.

איך זיץ, אָבער עס איז מיר אַזוי טרויעריק, אַז דעם דאָזיקן טרויער וואָלט איך געקאָנט פֿאַרטיילן אױף דעם גאַנצן קלאַס. איך וועל שוין מיס־טאָמע קיינמאָל נישט אַרומלויפֿן מיט די ייִנגלעך. וואָרום נעכטן האָבן מיר זיך געשפּילט אָט אין פֿערד און אָט אין גײַער. אַזעלכע קינדערישע שפּילן. זיי ברענגען קיינעם נישט קיין נוצן. ווען מען זאָל מיך לאָזן נעמען מײַן הינטל אַהיים, וואָלט איך כאָטש אױף אים אַכטונג געגעבן. איך וואָלט אים אויסגעבאָדן, אויסגעקעמט, ער וואָלט געמוזט זײַן ווײַס ווי שניי. אויב ער וואָלט געוואָלט, וואָלט איך אים אויסגעלערנט פֿאַרשיידענע קונצן. אָבער געדולדיק, נישט געשלאָגן. איך וואָלט אַפֿילו נישט געשריען אױף אים. וואָרום אַ וואָרט טוט טײלמאָל אַזוי וויי ווי אַ קלאַפּ.

אויב מען האָט ליב אַ לערער, טוט אַפֿילו די קלענסטע באַמערקונג וויי. ער גיט בלויז אַ זאָג:

— דריי דיך נישט.

אָדער:

— שמועס נישט.

אָדער:

דו ביסט נישט אויפֿמערקזאַם.

און עס איז דיר שוין אומאַנגענעם. דו קוקסט באַלד, צי ער האָט נאָר בלויז אַזוי זיך געזאָגט און וועט באַלד פֿאַרגעסן, אָדער ער איז שוין אין כּעס.

און ראַבטשיק וועט מיך ליב האָבן. איז אויב ער וועט עפּעס אַ קונץ מאַכן שלעכט, וועל איך אים זאָגן, אַז עס איז שלעכט, אָבער איך וועל אים באַלד אַ גלעט טאָן, און ער וועט אַ טרייסל טאָן מיט וויידעלע און וועט זיך פֿלײַסן.

איך וועל אים נישט רייצן, אַפֿילו אין שפּאַס, קעדיי אים נישט צו־צוגעוויינען צו כּעס. וואָרום עס איז מעשונעדיק, פֿאַרוואָס מען האָט האַ־נאָע צו רייצן אַ הונט, ער זאָל בילן. איך האָב נעכטן איבערגעשראָקן אַ קאָץ. איך האָב מיך דאָס דערמאָנט און מיך געשעמט. וואָרום וואָס האָב איך פֿון איר געוואָלט? איר האָט מיסטאָמע דאָס האַרץ שטאַרק געקלאַפּט

פּאַר שרעק. און צי זײַנען קעץ טאַקע פאַלש, וואָרום עפּשער זאָגט מען בלויז אַזוי?

די לערערן זאָגט:

— לייען ווײַטער.

דאָס מיינט זי מיך.

איך אָבער ווייס נישט וואָס, וואָרום איך האָב אפילו דאָס ביכל נישט געעפנט.

איך שטיי ווי אַ גוילעם. מיט צעשראָקענע אויגן. עס איז מיר אַ ראַכמאָנעס אי אַף ראַבטשיקן, אי אַף מיר.

און ווישניעווסקי זאָגט:

— טריפשטיק כאַפּט קראָען.

טרערן זײַנען מיר אַזש געקומען אין די אויגן אַרײַן, האָב איך אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ, וואָרום איך האָב נישט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל זען.

די לערערן האָט זיך נישט געבייזערט, זי זאָגט בלויז:

— האָסט אפילו דאָס ביכל נישט געעפנט. איך וועל דיך דאַכט זיך אַרויסשטעלן הינטער דער טיר.

די לערערן האָט געזאָגט: „אַרויסשטעלן", און נישט „אַרויסוואַרפן".

אָבער זי האָט נישט אַרויסגעוואָרפן, בלויז:

— שטעל דיך באַ דער באַנק.

אפילו נישט אין ווינקל.

די לערערן האָט זיך געמוזט מעשאַער זײַן, אַז עס האָט געטראָפן עפּעס אַ וויכטיקע זאַך. וואָרום ווען איך זאָל זײַן אַ לערערן, און אַ יינגל זאָל זיצן באַ אַ פאַרמאַכט ביכל, וואָלט איך אים געפרעגט, וואָס פאַר אַן אַגמאַס נעפעש ער האָט, וואָס איז אים געשען.

נו, און אויב די לערערן זאָל פרעגן, פאַרוואָס איך בין נישט אויפ־מערקזאַם, צי וואָלט איך געענטפערט? אַוואַדע נישט. וואָרום וואָס קאָן דאָס דער לערערן אָנגיין. די לעקציע איז אַ לעקציע. איך ווידער קאָן דאָך נישט פאַראַטן דעם שולדינער.

אָבער די לערערן האָט געזאָגט:

— שטעל דיך באַ דער באַנק.

דערנאָך האָט זי נאָך געזאָגט:

— עפּשער ווילסטו בעסער הינטער דער טיר?

איך בין רויט געוואָרן און גאָרנישט געענטפערט. די ייִנגלעך אָבער האָבן אָנגעהויבן צו שרײַען. טייל זאָגן:

— ער וויל הינטער דער טיר.

און אַנדערע:

— ער וויל נישט, לערערן.

אַ ליאַדע וואָס, מאַכן זיי באַלד אַ שפּיל, צופרידענע, וואָס די לעק־ציע האָט זיך איבערגעריסן. זיי גיבן נישט אַ טראַכט, אַז עס איז אײנעם אומאָנגענעם און ער האָט מוירע, די לערערן זאָל אין קאָס ווערן.

ענדלעך האָט געקלונגען דאָס גלעקל, — און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט. איך לויף צום שולדינער.

אָבער דער שולדינער פון אונדזער שטאָק האָט מיך פאַרהאַלטן — דער שלעכטער.

— וווּהין? — פרעגט ער. — ווייסט נישט, אַז מען טאָר נישט?

איך האָב שוין מוירע, אָבער איך טראַכט:

— איך וועל ערגעץ באָרגן צען גראָשן אַף מילך.

עפּשער בא באַנטשקעוויטשן? ער האָט טאָמיד געלט. אָבער ער וועט נישט געבן, ווײַל איך קען אים ווייניק. און ווען מען האָט אַמאָל געוואָלט בא אים באָרגן, האָט ער געזאָגט:

— באַלד וועל איך דיר באָרגן, שלעפּער.

איך טראַכט אַזוי: „עפּשער דער — עפּשער יענער" — און איך קוק מיך אַרום. אָבער איך דערמאָן מיך, אַז פראַנקאָווסקי איז דאָך מיר שול־דיק פינף גראָשן. איך זוך אים, ער שפּילט זיך, ער אַנטלויפט.

— הער, גיב מיר אָפּ די פינף גראָשן.

— רוק דיך אָפּ — זאָגט ער — שטער נישט.

— אָבער איך דאַרף זיי האָבן.

— איך זאָג דאָך דיר, שפּעטער. איך האָב נישט אַצינד.

איך זע, אַז ער הייבט אָן ווערן אין קאַס, דערצו נאָך האָט ער נישט קיין געלט, טאָ וואָס קאָן איך טאָן? מונדעק האָט אויך נישט.

נישטאָ קיין אַנדערע אייצע: איך גיי צו באַנטשקעוויטשן. זײַן פאָ־טער האָט אַ געוועלב: אַ רײַכער. — און ער:

— צו וואָס דאַרפסטו?

איך זאָג:

— איך דארף נייטיק האָבן.

און ער:

— און ווען וועסטו אָפּגעבן?

— ווען איך וועל האָבן.

וואָרום וואָס זאָל איך זאָגן? אַן אַנדערער וואָלט געזאָגט:

— מאָרגן.

און עס וועט אים גאָרנישט אָרן. ער וועט נאָך אָנזידלען, אַז מען וועט אים מאָנען. ער וועט זאָגן:

— טשעפּע זיך אָפּ.

דערוואַקסענע, אַפילו די אָרימסטע, האָבן כאָטש צוואַנציק גראָשן, מיר אָבער — צוליב פינף גראָשן מוזן מיר זיך טיילמאָל מאַטערן. מיר ליַידן זייער דערפון, וואָס מיר האָבן נישט כאָטש עפּעס, אָבער טאָמיד, אַז מען זאָל אַלעמאָל וויסן, אַז עס וועט זיַין.

— נו וואָס, וועסט באָרגן?

— אַז איך האָב דאָך נישט.

— דו האָסט — זאָג איך — נאָר דו ווילסט נישט געבן.

ווען איך זאָל זאָגן, צו וואָס איך דאַרף, וואָלט ער געגעבן. עפּשער זאָגן?

און ער:

— איך האָב שוין אוועקגעבאָרגט, און קיינער גיט מיר נישט אָפּ.

גיי צו פראַנעקן: שוין אַ כוידעש איז ער מיר שולדיק 25 גראָשן.

פראַנעק ווידער גיט קיינעם נישט אָפּ, איז האָב איך מיך פאַרקרימט, אָבער נישטאָ קיין אַנדערע אייצע.

איך זוך אים, קאָן אָבער נישט געפינען. וואָרום ווי אַזוי? אין אַזאַ טומל?

און באַנטשקעוויטש איז אַפילו אַ גוטער: ער האָט נישט ליב אָפּ־צוזאָגן. ער איז נאָר נייגיריק: אַלץ האָט ער ליב צו וויסן. און ער כאַפּט מיך אַליין אָן:

— נו, ער האָט געגעבן?

— איך ווייס נישט, ווו ער איז.

ער האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און זאָגט:

זאָג, צו וואָס דו דאַרפסט.

— וועסטו געבן?

— כ'וועל געבן.

— און דו האָסט?

— איך האָב, אָבער איך וויל קויפן דיקטע אַף צו מאַכן אַ ראַם.

איך האָב אים גיך געזאָגט, און מיר גאַנוועגען זיך ארויף צוזאַמען אַפן צווייטן שטאָק, מיטאַמאָל אָבער קלינגט דאָס גלעקל. מען מוז גיין אין קלאַס. איך בין אומרויִק. ראַבטשיק איז הונגעריק, ער קאָן נאָך אָנהייבן צו וואָיען און דער שולדינער וועט אים נעמען און ארויסוואַרפן.

איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן ראַבטשיק. אָבער אַצינד טראַכט איך, אַז עס איז נישט גוט. עס זעט אויס ווי אַ צונאָמען. אַ הונט וועט טאַקע נישט פאַרשטיין, אָבער פאַר אַ מענטש וואָלט געווען אומאָנגענעם. עפּ־שער רופן אים שנייעלע, ווײַל איך האָב אים געפונען אַפן שניי. אָדער ווײַסער — ווײַסינקער. אָדער עפּעס ווינטערדיקס.

איך טראַכט אַזוי, גלײַך ווי איך וואָלט שוין געוווּסט, אַז מען וועט מיר דערלויבן אים צו האַלטן.

די פרוי פון געוועלב און דער שולדינער האָבן געזאָגט, אַז ער האָט אַ באַלעבאָס, טאָ עפּשער פרעגן די ייִנגלעך פון נעבן יענעם הויף. אָבער דאָרט איז אין דער נאָענט נישט געווען אַפילע קיין הויף. און אויב עס וועט עמעצער זאָגן, אַז ער איז זײַן, קאָן זײַן נישט עמעס: ער וועט זיך אביסל שפּילן און דערנאָך ווידער ארויסטרײַבן אַפן פראָסט. און ווען אַפילע עמעס, האָט מען דאָך אָבער זיך גאָרנישט אומגעקוקט אַף אים, אויב מען האָט אים ארויסגעטריבן. אָדער עפּשער איז ער אַליין אַנטלאָפן? איך קען דאָך אים נישט, איך ווייס נישט, וואָס ער איז פאַר איינער. און קליינע הינטלעך זײַנען מאַזיקים. עפּשער האָט ער עפּעס אָפּגעטאָן, האָט מוירע געהאַט פאַר אַ שטראָף און איז אַליין אַנטלאָפן פון דער היים.

איך מאַטער מיך, ווײַל איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן. וואָרום אָט איז דאָס און יענץ — גלײַך ווי איך וואָלט געהאַט אַ קינד, אַזאַ פאַר־זאָרגטער זיץ איך. און שנייעלע טראַכט אַוודע, אַז איך האָב אָן אים פאַרגעסן. אַ הינטל לעבט פּונקט אַזוי ווי אַ מענטש. אַ קינד וויינט, און אַ הונט וואָיעט באַצאַרט. און ער בילט פאַר צאָרן אָדער פאַר פרייד. און ער שפּילט זיך פּונקט אַזוי. און ער קוקט אַרײַן אין די אויגן און דאַנקט. ער לעקט און בורטשעט; גלײַך ווי ער זאָל וואָרענען און זאָגן:

— הער אויף.

אָבער איך דערמאָן מיך, אַז עס איז אַצינד אַ לעקציע און מען דאַרף אַכטונג געבן, וואָרום איך בין שוין אַזוי אויך איינמאָל געשטאַנען צווישן די בענק.

ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער, האָב איך געמיינט, אַז עס איז גרינג צו זײַן אַ פֿלײַסיקער שילער, אויפֿמערקזאַם צו זײַן בעת די לעקציעס און גוט צו לערנען. אַצינד אָבער זע איך, ווי שווער עס איז. ווען איך בין געווען אַ לערער, און איך האָב געהאַט אַגמאַס נעפּעש, בין איך אויך נישט געווען אויפֿמערקזאַם בעת די לעקציעס, און קיינער האָט מיך נישט אַרײַנגעשטעלט אין ווינקל. פֿאַרקערט: דעמאָלט בין איך געווען שטרענגער און עס האָט געמוזט זײַן שטילער אין קלאַס, אַז עס זאָל מיר זײַן באַקוועם זיך צו זאָרגן.

אוי, ווײַסינקער — ווײַסינקער. דו ביסט קליין און שוואַך, דערפֿאַר וואַרפֿט מען זיך אַזוי מיט דיר. ביסט נישט קיין וואַסער־טויבער, וואָס ראַטעווען דערטרונקענע, נישט קיין בערנאַרדינער, וואָס גראָבט־אויס אַף די בערג די פֿאַרפֿרוירענע אין שניי, נישט קיין עסקימאָסן־הונט, אַפֿילע נישט קיין קלוגער פּודעל, ווי דעם פֿעטערס פּודעל. איך וועל גיין מיט מײַן הונט צום פֿעטער, זאָלן זיי ווערן באַווײַרים. וואָרום אַ הונט האָט אויך ליב געזעלשאַפֿט.

איך טראַכט: איך וועל גיין צום פֿעטער. נישט איך טראַכט, נאָר איך טרוים. וואָרום מען וועט מיר אַוודע נישט דערלויבן אים צו נעמען.

אַ דערוואַקסענער טוט אַ זאָג צו אַ קינד: „מען טאָר נישט — מען דאַרף נישט” — און ער פֿאַרגעסט באַלד. ער ווייסט אַפֿילע נישט, וואָס פֿאַר אַ ווייטיק ער פֿאַרשאַפֿט.

ווען איך האָב געוואָלט זײַן אַ קינד, האָב איך בלויז געטראַכט וועגן שפּילן און קינדערישער פֿרייד, אַז זיי טראַכטן נישט וועגן קיין זאַך און קיין זאַך גייט זיי נישט אָן. אָבער איך האָב דאָך איצט אין דער נעשאָמע אַ גרעסערע אומרויִקייט צוליב איין הינטל אַף דרײַ פּיסלעך, איידער אַ דערוואַקסענער צוליב אַ גאַנצער מישפּאָכע. אָבער ענדלעך האָב איך מיך דערוואָרט אָפּן גלעקל.

איז גיבן מיר דעם שולדינער צען גראָשן אַף מילך. און ער זאָגט:

— איך וואָלט טאַקע געוואָרט אַף אײַערע צען גראָשן. טוט אָבער נאָר אַ קוק, וואָס דער הונט האָט אָנגעמאַכט!

און ער פירט אונדז, ווי ראַבטשיק וואָיעט אַן אײַנגעשפּאַרטער אין אַ פינצטער קעמערל.

— דאָס איז גאָרנישט, זאָג איך. אויב מען מעג, וועל איך אויס־ווישן מיט אַט דער שמאַטע.

און איך האָב אויסגעווישט, איך האָב מיך אַפילו גאָרנישט געמיעסט.

און ווײַסינקער האָט מיך דערקענט, וואָרום ער האָט זיך דערפרייט. ער איז שיר נישט אַרויסגעלאָפן אַפן קאָרידאָר. ער טאַנצט אַרום אין אַ רעדל און שפּרינגט־אונטער. ער האָט איגגאַנצן פאַרגעסן אין זײַנע צרות און געפאַר. ער וואָלט שוין עפּשער אַצינד געלעגן אויסגעצויגן און טויט אַפן קאַלטן שניי.

— נו, טראָגט זיך אָפּ, — האָט דער שולדינער געזאָגט, אָבער ער האָט זיך באַלד צוריקגעכאַפּט און געזאָגט: „נו, גייט שוין, ווײַל איך האָב נישט קיין צײַט.”

וואָרום אַ דערוואַקסענעם וועט קיינער נישט זאָגן: „טראָג זיך אָפּ”, אָבער צו אַ קינד זאָגט מען אָפּט אַזוי. טאָמיד ווען אַ דערוואַקסענער האָט־וועט אַרום, איז זאָגט מען אַף אַ קינד: עס פּלאָנטערט זיך, דער דערוואַק־סענער שפּאַסט, און דאָס קינד מאַכט זיך צום נאַר, דער דערוואַקסענער וויינט, און דאָס קינד בעטשעט, דער דערוואַקסענער איז אַ פלינקער, דאָס קינד אַ שוויצער, דער דערוואַקסענער איז טרויעריק, און דאָס קינד איז פאַרקרימט, דער דערוואַקסענער איז צעשטרייט, דאָס קינד איז אַ גוילעם, אַ לעקיש. דער דערוואַקסענער האָט זיך פאַרטראַכט, דאָס קינד האָט זיך פאַרגאַפּעט. דער דערוואַקסענער טוט עפּעס אַ זאַך פּאַמעלעך, און דאָס קינד איז אַ קריכער. עס איז קלוימערשט אַ שפּאַסיקער אויפן, אָבער דאָך נישט איידל. פּעמפּיק, שניעק, קליינטשינקער, — אַפילו ווען מען איז צוגעווױנט, אָבער טיילמאָל איז אומאָנגענעם און עס פאַרדריסט אַזאַ גרינגשעצונג.

דער אָרימער ווײַסינקער (און עפּשער בעסער — שנייעלע) מוז ווי־דער זיצן צוויי שאָ פאַרשפּאַרט אין דער פינצטער.

— און עפשער אים האלטן אונטערן רעקל, עפשער וועט ער זיך האלטן רויק?

— ביסט א נאר, — האט געזאגט דער שולדינער און צוגעשלאגן מיטן שליסל.

און מונדעק באגעגנט מיך און זאגט:

— וואס האסטו עפעס פאר א סאד?

ער איז אייפערזיכטיק, ווייל ער ווייסט נישט. האב איך אים געזאגט.

— הייסט עס אאאזוי? האסטו אים פריער געזאגט?

— איך האב געמוזט, ווייל ער האט נישט געוואלט בארגן אפ מילך.

— איך ווייי־ייי־ס, איך וויי־יי־ס.

עס איז מיר א שאד מונדעקן, ווארום אויך מיר וואלט געווען אומאנגענעם, ווען ער זאל פריער זאגן עמעצן אנדערש. אבער בעיים דער גרויסער פויזע פרעג איך אים:

— נו, ווילסט גיין א קוק טאן?

דערווייל האבן יינגלעך געדרייכבערט פאפיראסן אפן צווייטן שטאק, און עס גייט אן אויספארשונג, ווער עס האט געדרייכבערט, ווער עס איז ארויפגעגאנגען אפן צווייטן שטאק. (אבער מען זאגט נישט ארויפגעגאנגען, נאר „ארויפגעקראכן").

און אונדזער שולדינער זאגט:

— איך טרייב זיי קעסיידער אראפ, און זיי פארגאנווענען זיך.

און ער קוקט אפ אונדז. איך האב מיך באהאלטן הינטער טאמטשאקן. ווארום מען וואלט גלייך דערקענט, ווייל איך בין רויט געווארן. עס איז מיר באלד היים געווארן. און דערוואקסענע, ווען זיי פרעגן עפעס א קינד, און ער פארשיקעט זיך און ווערט רויט, מיינען זיי באלד, אז עס זאגט ליגן, אדער עס איז שולדיק. און מיר ווערן רויט פאר כארפע שוין פון בלויזן כשאד, פון שרעק, אדער ביכלאל הייבט דאס הארץ אן שטארק צו קלאפן. און טייל האבן נאך א טעווע, אז זיי הייסן קוקן גלייך אין די אויגן. נו, און עס איז פאראן אזעלכע, וואס כאטש שולדיק, קוקט ער גלייך אין די אויגן און האקט ליגן, אז עס גייט א רויך. אזעלכע איז גוט. ווארום צום ערגסטן איז אן עמפינדלעך קינד. אומשולדיק, און עס ליידט. ווארום דערוואקסענע שרייען אפ אלע. באלד זאגט מען: „איר".

— איר וועט שטענדיק. איר וועט קיינמאָל. איר אַלע.

זיי שרײַען און דראָען אַלעמען.

— איך קען אײַך שוין. אײַערע אַרויסדרייעניש. איך וועל אײַך שוין לערנען סייכל.

און דער עמפּינדלעכער האָט מוירע, לעבט קעסיידער אין שרעק. ווי אַ האָז. וואָרום אַ האָז האָט מוירע אַפילע בעיים ער שלאָפט. און מיר האָבן אויך אומרויִקע כאַלוימעס. און מיר כאַפּן זיך אויף אין שרעק.

טוט עפּעס אַ סקריפּ באַנאַכט, דאַכט זיך שוין, אַז עס גייט עמע־צער, אַ רועך אָדער אַ רויצייעך אָדער אַז עס ווײַזט זיך עפּעס אין פענצ־טער, אָדער עפּעס אַ ווײַסע זאַך טוט זיך אַ ריר. דעקסט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ, אַ פאַרשוויצטער, האָסט מוירע צו אָטעמען, טראַכסט בלויז:

— וואָס וועט זײַן, אַז עס וועט זיך צו מיר צורירן עפּעס אַ קאַלטע האַנט?

מען דערמאָנט זיך דעמאָלט די שרעקלעכסטע מײַסעלעך, פאַרשיידענע שרעקלעכע געשעעניש פון די צײַטונגען.

וואָרום נישט נאָר אין מײַסעלעך געשעען שרעקלעכע זאַכן. עס זײַ־נען דאָך פאַראַן מענטשן אָן פיס, אָן אַ נאָז, אַ מענטש קאָן דאָך בלינד ווערן, מעשוגע ווערן; עס גייט זיך אַ מענטש אַף דער גאַס, פּלוצלינג פאַלט ער אום און הייבט זיך אָן צו וואַרפן, און פון מויל רינט שוים; ער איז געגאַנגען פונקט ווי אַלע, און פּלוצלינג איז אַזוי געוואָרן. עס קומען זיך צונויף מענטשן, טײַנען, און דיך שטופּט מען אוועק. און דו ווילסט נישט, אָבער דו מוזט קוקן ווי אַ פאַרשטיינערטער.

און שוואַרצע פּאָקן, און גאַלאָפּ־שווינדזוכט, און עגיפּטישע אויגן־אַנטצינדונג, גאַנגרענע, בלוט־פאַרגיפטונג. — מען לייגט נישט קיין אַכט אַף די דאָזיקע שרעקעניש. וואָרום די דערוואַקסענע דערציילן בעקיוון אַ פּאָך זאַכן, אַז די קינדער זאָלן הערן און זאָלן נישט צופיל אַרומשטיפן. אָבער דו זעסט, אַז עס איז דיך נישט איבערגעפּאָרן קיין אויטאָמאָביל, אַז דו ביסט נישט אַרויסגעפאַלן פון פענצטער. די פיס נישט צעבראָכן, קיין אויג נישט אויסגעהאַקט. הייבסטו אָן זיי נישט גלויבן. איבעריקנס מען קאָן דאָך נישט קעסיידער ראַק זײַן פאָרזיכטיק.

אָבער זאָל נאָר קומען אַזאַ נאַכט, דערמאָנט מען זיך באַלד אָן אַלצ־

דינג. און דאָ שלאָפן אַלע, עס איז פינצטער, אָדער עס שײַנט די לעוואָנע. איז האָסטו ווידער מוירע, אַז עפּשער וועסטו אָנהייבן קלעטערן אין שלאָף אַף די ווענט און אַף די דעכער.

מאָדנע. טײלמאָל איז מען אַזוי דרייסט, אַז מען קאָן גיין אין דער גרעסטער שלאַכט, אָדער באַנאַכט אַפן בייסוילעם, און טײלמאָל ווידער דערשרעקט מען זיך פאַר אַ ליאַדע נאַרישקייט. און עס איז שווער צו זאָגן, צי איז מען דרייסט, אָדער אַ פּאַכדן.

און בּיכלאַל איז שווער צו וויסן, וואָס מען איז אינדערעמעסן. וואָרום ווען איך שטעל מיר די פראַגע: צי בין איך אָרנטלעך אַזוי ווי אַ ייִנגל דאַרף זײַן, ווייס איך עס אַליין נישט. איך דערמאָן מיך פאַרשידענע סוידעס, אָבער איך טראַכט באַלד:

— אַנדערע זײַנען דאָך ערגער.

אָפילע ווען עס דאַכט זיך, אַז עמעצער איז אָרנטלעכער פאַר מיר, בעסער, — ווייס איך דאָך אָבער נישט וועגן אים אַלצדינג, וואָס ער טוט און וואָס ער טראַכט. וואָרום טײלמאָל קאָן איינער מאַכן אַן אָנשטעל, אָדער ער טוט נישט קיין שלעכטס, ווײַל ער האָט מוירע, אַז מען וועט אים כאַפּן.

ווידער זײַנען פאַראַן סוידעס, אַפילע ווען מען האָט גאָרנישט געטאָן קיין שלעכטס. ס׳ראָוו האָבן קינדער אַזעלכע סוידעס. און זיי מוזן זיך אויסבאַהאַלטן, ווײַל זיי טאָרן נישט. לעמאָשל איך אַצינד. וואָרום וואָס פאַר אַ שלעכטס שטעקט אין דעם, וואָס איך האָב מיך דערבאַרעמט איבער אַ הונגעריקן, פאַרפרוירענעם הונט. אַ פאַרפרוירן הינטל — אַ לעבעדיק באַשעפעניש.

פאַרוואָס פאַרווערן די דערוואַקסענע אַזויפיל?
נו און וואָס קומט דערפון אַרויס?
מירן זאָגן דער לערערן בעשאַס דער לעקציע:

— זאָל די לערערן דערלויבן צו נעמען שנייעלען אין קלאַס אַרײַן.

איר וועט זען, אַז מיר וועלן זײַן רויִק, אַז מיר וועלן זײַן אויפמערקזאַם.

וואָס פרעגסטו. — עס וואָלט גאָרנישט אַרויסגעקומען. ווישניעווסקי וואָלט דער ערשטער אַף צולאָכעס אָנגעהויבן אַרומצושטיפן.

עס איז שלעכט, וואָס מיר זײַנען אַלע צוזאַמען, — סײַ די אײדעלע, סײַ די גראָבע, סײַ די האָנאָראָווע, סײַ די אָן אַמביציע. צוליב זיי קאָן

מען נישט האַלטן קיין שום צוזאָג, קיין שום וואָרט. צוליב זיי ענדיקט זיך טאָמיד אַלצדינג שלעכט.

צוליב זיי האָבן די דערוואַקסענע נישט קיין צוטרוי צו אונדז, גלייבן אונדז נישט אין גרינגשעצן אַלע.

אָן זיי וואָלט עפּשער געווען ווייניקער געלעכטער און פריילעכקייט, אָבער דאָס לעבן וואָלט געווען רויִקער.

אָבער די דערוואַקסענע מיינען, אַז מיר האָבן ליב בלויז שאָלטיקעס, אַז מיר פאָלגן בלויז די ערגסטע און אַלע, וואָס זיי זאָגן אונדז, טוען מיר באַלד. אַז זיי מאַכן אַלעמען קאַליע.

נישט עמעס. אַז מיר הערן זיך נישט צו צו אַזאַ שאָלטיק צען מאָל, ווייסט קיינער נישט. אָבער ווי נאָר מיר וועלן מיט אים עפּעס טאָן צו־זאַמען — איז באַלד אַרויפגעפּאָרן אַף אַלע.

שיין וואָלט די וועלט אויסגעזען, ווען מיר זאָלן טאַקע אַף אַן עמעס שטענדיק און אַלע בלויז זיי פאָלגן. שיין וואָלט זי אויסגעזען, ווען מיר זאָלן זיי נישט אײַנשטילן.

וויפל מאָל זאָגט מען:

— לאָז צורו — לאָז געמאַך — הער אויף — טו דאָס נישט. — עי, וועסט דערנאָך באַדויערן.

און ער פאָלגט, דער שאָלטיק. און אינדערעמעסן, אויב די דער־וואַקסענע קענען פון זיי אויסהאַלטן, איז דאָס אונדזער פאַרדינסט.

נו, עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז מען ווייסט נישט, ווער עס האָט גערייכערט פּאַפּיראָסן אַפן צווייטן שטאָק, און מיר האָבן אונדזער הינטל נישט געזען.

ערשט נאָך דער שול זאָגט דער שולדינער:

— נעמט אים צו, און נאָכאַמאָל ברענגט מיר נישט דאָ אַהער קיין הינט, ווײַל איך האָב נישט קיין צײַט. איר וועט צוזאַמען מיטן הונט אַרײַנמאַרשירן אין דער קאַנצעלאַריע.

און מיר זײַנען אַרויס: איך, מונדעק און באַנטשקעוויטש. און ראַב־טשיק (זאָל שוין בלײַבן ראַבטשיק).

ווי ער האָט זיך עס געפרייט, ווען מיר האָבן אים אַרויסגעלאָזט אַף דער פרײַ. ווי אַלע, וואָס לעבט, בענקט נאָך דער פרײַ. צי דאָס איז אַ מענטש, צי אַ טויב, צי אַ הונט.

מיר באַראַטן זיך אינדרויסן, וואָס ווײַטער צו טאָן. באָנטשקעוויטש האָט מאַסקים געווען אים צו נעמען ביז מאָרגן, און איך וועל מיך דערווײַל אָנפרעגן.

איך האָב געפֿילט עפּעס אַ מין פֿאַרדרוס צו באָנטשקעוויטשן, ווען ער האָט מיר צוגענומען מײַן ראַבטשיק.

ער איז דאָך מײַן. איך האָב דאָך אים געוואַרעמט אונטערן מאַנטל. ער האָט דאָך מיך דעם ערשטן אַ לעק געטאָן. איך האָב אים געפֿונען און געבראַכט אין שול אַרײַן און די גאַנצע צײַט וועגן אים געטראַכט. און באָנטשקעוויטש האָט דאָך בלויז נאָר געגעבן צען גראָשן און שוין.

גאָט מײַנער, צי איז עס אַ יושער, וואָס טייל עלטערן דערלויבן יאָ, און אַנדערע נישט. יעדער האָט צום מינדסטן ליב זײַנע עלטערן און די היים. אָבער ער ווייסט, אַז אַן אַנדער פֿאָטער דערלויבט — און עס פֿאַרדריסט. ער פֿאַרגלײַכט זיך מיט אַנדערע, און עס טוט אים וויי.

פֿאַרוואָס נעמט באָנטשקעוויטש ראַבטשיקן און ס'איז גאָרנישט. און איך מוז ערשט בעטן און עס וועט זיך אַוודאי אויסלאָזן מיט גאָרנישט.

וואָס איינער איז רײַכער, און דער אַנדערער איז אָרימער, און דער רײַכערער קאָן קויפֿן, וואָס ער וויל, — דאָס איז נאַרישקייטן. פֿרײַהייט איז וויכטיקער פֿאַר רײַכקייט.

וואָרום אויב מען ווייסט, אַז די עלטערן האָבן טאַקע נישט, האָט מען זיי נאָך ליבער מיטן דאָזיקן ווייטיק. ווער וועט עס אין קאַס זײַן, וואָס דער טאַטע האָט נישט קיין אַרבעט, אָדער ער פֿאַרדינט ווייניק? אָבער אַז ער גיט־אויס אַף אומנייטיקע זאַכן און פֿאַרן קינד קאַרגט ער, אַז ער טראַכט בלויז וועגן זיך, און פֿאַרן קינד זשאַלעוועט ער, — דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. וואָרום פֿאַרוואָס גיט מונדעקס טאַטע אויס געלט אַף בראַנפֿן און מאַכט נאָך אַוואַנטורעס?

עס איז מיר אַ ראַכמאָנעס אַף מונדעקן און אַ ראַכמאָנעס אַף ראַבטשיקן, פֿון וועלכן איך האָב געהאַט אַזוי פֿיל אַגמאַס נעפֿעש, און איצינד נעמט אים צו אַן אַנדערער.

— מען מיר די דאָזיקע צען גראָשן נישט אָפּגעבן, — זאָגט באָנטשקעוויטש.

און איך:

— מויכל טויוועס. איך וועל דיר נאָך עפּשער מאָרגן אָפּגעבן.

און ער:

— אויב דו ביסט אין קאַס, האָסטו אַ ברייֵרע מיר אים נישט צו געבן.

איך:

— קום, הינטעלע, לאָמיר זיך געזעגענען.

און ראַבמשיק רײַסט זיך אַרויס און פֿאַרשטייט אַפֿילע נישט, אַז דאָס שיידן מיר זיך. דערנאָך ערשט האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט די פֿיסלעך אויף מײַן ברוסט און שאָקלט פֿריילעך מיטן ווײדעלע און קוקט — גלײַך אין די אויגן!

טרערן זײַנען מיר אַזש געקומען אין די אויגן אַרײַן.

און דערנאָך האָט ער מיר אַ לעק געטאָן אין סאַמע מויל. ווי ער וואָלט איבערגעבעטן.

און איך האָב אים צוגעטוליעט צום לעצטן מאָל!

מונדעק האָט מיך אַזש לײַכט אַ צי געטאָן פֿאַר דער קעשענע.

— נו, קום שוין.

און מיר זײַנען שנעל אַוועקגעגאַנגען, איך האָב מיך אַפֿילע נישט אומגעקוקט.

מונדעק האָט דורכן גאַנצן וועג גערעדט וועגן טויבן, פֿייגל, וועגן סראָקעס, יעזשעס. איך פֿלעג מיך בלויז אָנרופֿן מיט אַ וואָרט. און דער וועג אַהיים איז שנעל פֿאַרבײַ. וואָרום עס איז אַזוי: אַ שאָ אָפֿן זייגער איז טאַקע טאָמיד די זעלבע, אָבער אין מענטש שטעקט עפּעס אַ גאָר אַנ־דערער זייגער, וואָס ווײַזט גאָר אַנדערש. טיילמאָל לויפֿט פֿאַרבײַ אַ שאָ, איידער דו קוקסט זיך אַרום, און טיילמאָל שלעפּט זי זיך ווי קיינמאָל נישט צו ענדיקן. — טיילמאָל ווי נאָר דו גייסט אַרײַן אין שול, קלינגט שוין דאָס גלעקל און מען גייט אַהיים. אויב אָבער דו פֿילסט זיך שלעכט, וואַרטסטו ביז דאָס גייט פֿאַראיבער און גייסט אַרום ווי אַ טפּיסעניק, און האָסט שוין אַפֿילע נישט קיין קוועך זיך צו פֿרייען.

איך געזעגן מיך מיט מונדעקן, אָבער ווי עפּעס אַ נישט גוטער זאָל מיר אונטערזאָגן, האָב איך אַ פֿרעג געטאָן:

— און דײַן אַלטער האָט זיך נעכטן ווידער אָנגעקוויקעט?

מונדעק איז רויט געוואָרן און געזאָגט:

— מיינסט, אַז מײַן טאַטע טרינקט אַלע טאָג?

ער איז אַוועק אַזוי גיך, אַז איך האָב שוין נישט געהאַט קיין צײַט אָפּצוּוענטפערן. — און צו וואָס האָב איך דאָס באַדאַרפט? צוליב נישט אָפּגעבן זיך קיין כעשבן טוט מען אַמאָל עפּעס אַ זאָג, און דערנאָך איז שוין פאַרפאַלן.

דער טאַטע האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַ ווערטל:

— איידער ריידן אומבאַטראַכט, בעסער האַלט דאָס מויל פאַר־מאַכט.

זייער אַ קלוג ווערטל. דעמאָלט בין איך אַפילע געווען בייז און עס איז מיר נישט געפעלן. וואָרום איך האָב געהאַט געזאָגט עפּעס אַ זאַך, וואָס איז געווען עמעס, און מען האָט אַף מיר געשריען, ווי איך זאָל געווען זאָגן מידייִע וואָס פאַר אַ ליגן. קיינער האָט נישט געפרעגט, איז האָב איך דאָס געקאָנט נישט זאָגן. עס וואָלט אָבער געווען אַ נישט אויפריכ־טיקייט צו באַהאַלטן דעם עמעס אין זיך.

עס איז פאַראַן אין לעבן אַ סאַך פאַלשקייט. ווען איך בין געווען אַ גרויסער, האָב איך מיך שוין צוגעוווינט דערצו און עס האָט מיך נישט געאַרט. מיילע, פאַרפאַלן, — מען מוז לעבן. אַצינד אָבער פיל איך אַנדערש, — עס טוט וויי, וואָס איינער קאָן נישט אַרויסזאָגן דעם אַנ־דערן, וואָס ער טראַכט אַף אַן עמעס. מען מוז בלויז טאָמיד מאַכן אַן אָנ־שטעל.

וואָרום אַ ליגן קאָן זײַן אַזוי זיך — נישט שלעכט, נישט גוט. אָבער אַ פאַלשער מענטש — דאָס איז שוין דאָס ערגסטע. ער טראַכט איין זאַך, און זאָגן זאָגט ער עפּעס אַנדערש, אין די אויגן אַזוי, אונטער די אויגן אַנדערש. עס איז מיר שוין ליבער אַ באַרימער, אַ ליגנער, יעדער איינער איז מיר ליבער, איידער אַ פאַלשער, — וואָרום אַזאַ איינעם איז שווער צו דערקענען. יענעם זאָג איך:

— זאָגסט ליגן.

אָדער:

— באַרים זיך נישט.

און אַ סאַך.

עס איז עפּעס פּאַשעטער, פײַנער.

און אַ פאַלשער איז אַזוי זיס. ליבלעך, אַז עס איז שווער צו כאַפּן בײַ דער האַנט.

איז וואָסזשע? — איך האָב מונדעקן פֿאַרשאַפֿט אַגמאַס נעפּעש. ער איז אַף מיר בערוגעז. איך האָב געזאָגט אַף זײַן טאַטן — אַלטער, און אַז ער האָט זיך אָנגעשנאָשקעט. איך האָב עס אַזוי גראָב אַ זאָג געטאָן ווי אַ דערוואַקסענער, וואָס נעמט און פֿאַרשעמט אַ קינד, באַליידיקט און פֿילט עס אַפֿילע נישט.

איך גיי אַרײַן אין טויער, און אַף די שטיגן זיצט די זעלבע קאַץ, וואָס נעכטן. עס איז מיר געוואָרן אַ ראַכמאָנעס און איך האָב זי געוואָלט אַ גלעט טאָן, נעמט זי אָבער און מאַכט פּלייטע. — הייסט עס, זי געדענקט. עפּשער וועט מיך גאָט שטראָפֿן פֿאַר דער קאַץ, אַזוי אַז מען וועט מיך נישט לאָזן אַהיימברענגען ראַבטשיקן אין שטוב אַרײַן?

— נו, ווי איז דיר דאָרט געגאַנגען אין שול? — פֿרעגט די מאַמע

זי האָט דאָס געפֿרעגט ליבלעך. עפּשער פֿילט זי, אַז זי האָט נעכטן אומגערעכט אָנגעשריען אַף מיר?

איך זאָג:

— נישקאָשע.

און די מאַמע פֿרעגט:

— און אין ווינקל ביסטו נישט געשטאַנען?

איך דערמאָן מיך ערשט, אַז עס איז טאַקע עמעס.

איך זאָג:

— איך בין געשטאַנען צווישן די בענק.

און די מאַמע:

— און אָט זאָגסטו, אַז ס'איז גאָרנישט געשען.

איך זאָג:

— איך האָב פֿאַרגעסן.

איך נעם אַ מעסער און הייב אָן צוזאַמען מיט דער מאַמען צו שיילן קאַרטאָפֿל. און די מאַמע:

— פֿאַרוואָס?

איך זאָג:

— כ'בין געווען נישט אויפֿמערקזאַם.

— פֿאַרוואָס ביסטו נישט געווען אויפֿמערקזאַם?

— איך האָב מיך עפּעס פֿאַרטראַכט.

— וועגן וואָס?

איך נעם שיילן גיך, קלוימערשט שטאַרק פאַרנומען, און איך ענט־פער נישט.

— זעסט, עס איז נישט גוט, וואָס דו האָסט פאַרגעסן. אַן אָרנטלעך קינד שעמט זיך צו שטיין אין ווינקל און באַמת זיך, אַז דאָס זאָל שוין מער נישט טרעפן. די לערערן שטעלט דאָך אַרײַן אין ווינקל, קעדיי אָנ־צולערנען, פאַר אַ בײַשפּיל וועגן; קעדיי דו זאָלסט אַלצדינג בעסער פאַר־שטיין. אויב דו פאַרגעסט אָבער, גייט דאָך דאָס גאַנצע אָנלערנען אין גיי־וועק. מען דאַרף געדענקען די שטראָף, וואָס מען באַקומט.

איך האָב אַ קוק געטאָן אױף דער מאַמען און טראַכט מיר:

— אָרימע, גוטע מאַמע, זי ווייסט גאָרנישט און פאַרשטייט גאָר־נישט.

און נאָך האָב איך געטראַכט:

— אי אָרים, אי אַלט.

וואָרום בעיים די מאַמע איז געזעסן אײַנגעבויגן, האָב איך דערזען, אַז זי האָט גרויע האָר און איז גערונצלט. עפּשער איז זי נאָך נישט אַזוי אַלט, אָבער זי האָט אַ שווער לעבן.

און איך טראַכט:

— גוט, וואָס איך האָב ווידער אַ מאַמען. די קינדער האָבן טאַקע צאָרעס פון די עלטערן, אָבער אָן עלטערן איז ערגער, — שלעכט, — זייער טרויעריק און שלעכט.

— און עפּשער האָסטו דאָרט נאָך עפּעס אָפּגעטאָן אין שול?

איך זאָג:

— ניין, גאָרנישט.

— זאָגסט נישט קיין ליגן?

— פאַרוואָס זאָל איך זאָגן ליגן? ווען איך זאָל נישט וועלן, וואָלט איך אויך גאָרנישט געוועז דערציילט וועגן ווינקל.

די מאַמע זאָגט:

— נו אַוודע.

און עס ווערט שטיל. אָבער עפּעס אַזוי, ווי מיר וואָלטן ווײַטער גע־שמועסט. וואָרום איך האָב אין די מאַכשאָווועס אַ באַקאָשע וועגן מײַן ראַבטשיק, און די מאַמע ווייסט, אַז איך דערזאָג נישט עפּעס, אַז איך באַהאַלט עפּעס.

מיר קינדער האָבן ליב צו פּלוידערן מיט דערוואַקסענע. זיי ווייסן בעסער. אָבער זיי זאָלן נישט האָבן צו אונדז אַזויפיל טײַנעס. זיי זאָלן זײַן מיט אונדז ליבלעך. נישט בלויז טאָמיד בורטשען, זיך טשעפּען, אָנשרײַען, זידלען.

ווען די מאַמע זאָל אַן אַנדערש מאָל אַזוי אַ פרעג טאָן:

— עפּשער זאָגסטו ליגן?

וואָלט איך אויפגעקאָכט געוואָרן און עס קאָן זײַן, איך וואָלט צעריקגעענטפערט מיט די זעלבע ווערטער וואָס איצט, אָבער עס וואָלט שוין אין זיי געשטעקט קאַס.

די דערוואַקסענע ווילן נישט פאַרשטיין, אַז אַ קינד ענטפערט ליבלעך אַף ליבלעכקייט, און אַז געבייזער ווערט אין אים באַלד אויף אַ געפיל פון רעוואַנש, פון נעקאָמע. ווי עס זאָל הייסן:

— אָט אַזאַ בין איך און איך קאָן נישט זײַן אַנדערש.

אָבער יעדער, אַפילע דער ערגסטער פון אונדז, וויל דאָך אָבער בעסער ווערן.

און עפּשער אונטערשיידן זיך שלעכטע קינדער פון שלעכטע מענטשן דערוואַקסענע גראָד דערמיט, וואָס איר, דערוואַקסענע, האָט שוין געפּרוּווט און געפּרוּווט און עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען, הייסט עס — אַ פאַרפאַלענע זאַך. און מיר, קינדער, קעמפן, ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין, מיר באַמיען זיך, מיר פאַראַקשענען זיך, און אַז געלינגט אונדז ווידעראַמאָל נישט — פאַלט איר באַלד אָן אַף אונדז. דאָס שטערט דאָך שרעקלעך. וואָס מער מען שטרענגט זיך אָן און מען מיינט, אַז עס איז שוין גוט — איז אָט נאַ דיר און הייב אָן נאָכאַמאָל פונדאָסניי. עס נעמט אַרום אַזאַ קאַס, אַזאַ ווייטיק און אומווילן. און איר אַנשטאָט צו העלפן, צוצוגעבן מוט — דערשלאָגט נאָך. דערפאַר האָבן מיר אַזעלכע אומגליקלעכע טעג, שלעכטע וואָכן. אַז ווען עס געלינגט נישט עפּעס אַ זאַך, איז באַלד אויך אַ צווייטע, אַ דריטע, — אַלץ הייבט אָן פאַלן פון די הענט.

און דאָס ערגסטע איז, ווען עס געלינגט נישט, און איר זײַט כוישעד אין שלעכטן ווילן. טיילמאָל דערקענט מען נישט, אָדער מען פאַרהערט, מען פאַרגעסט, מען פאַרשטייט נישט, אָדער מען פאַרשטייט שלעכט. און איר מיינט, אַז דאָס איז אַ צולאָכעס. טיילמאָל וויל מען דאַווקע עפּעס אַ גוטע זאַך, עפּעס אַ סורפּריז, עפּעס אַן אָנגענעמע זאַך

אײַך פארשאפן, אבער ווײַל מיר האבן נישט קיין דערפארונג, קומט ארויס שלעכט — עס איז אזא שאד. מיר פילן דאך דאס אליין, טא צו וואס אונדז באלד מאכן סקאנדאלן.

שלעכט דעם מענטש, וואס פילט שטארק.

איך הייב מיך אן פארען איבער דער שטוב. איך האב אראפגענומען די בלומענטעפלעך פון פענצטער און אויסגעווישט דעם שטויב. דערנאך האב איך אנגעהויבן ריין מאכן אין גאנצן צימער. און די מאמע כידעשט זיך. אזוי האב איך מיך מיט דער מאמען איבערגעבעטן פאר דעם נעכטיקן בערויגעז. און ווער ווייסט? עפשער בין איך אויך געווען אביסל שולדיק? מען דארף נישט פארשפעטיקן צו מיטאג. אבער אפילע צאדיקים זינדיקן דאך אויך.

— גיי, לויף אביסל ארום, — זאגט די מאמע. וואס ועסטו דא זיצן?

און איך:

— איך וועל גיין אין קינדערהיים נאך אירענען.

די מאמע:

— נו גיי.

איך האב מיך אנגעטאן און בין ארויסגעגאנגען. איך ווייס אליין נישט פארוואס. אוואדע אויך צוליב ראבטשיקן. ווארום אף קליינע קינדער דארף מען אויך אכטונג געבן.

איך בין נישט קיין גוטער ברודער. אף א הונט האב איך ראכמאנעס, און פאר א לײַבלעכע שוועסטער האב איך נישט קיין עמעסע ליבשאפט. וואס רעד איך ליבשאפט — אפילע נישט קיין פארשטענדעניש.

אזא קליין קינד מוז דאך שטערן, עס מוז דאך פון לאנגווײַליקייט וועגן באלעסטיקן. אויב איך שפיל מיך מיט איר, איז עס ווי אף יויצע צו זײַן. און ס'ראוו מרוקע איך אף איר און שטויס זי אוועק. פונקט ווי די דערוואקסענע פירן זיך מיט אונדז, מיט די גרעסערע קינדער. אפאנעם פון זיי האבן מיר זיך דאס אויסגעלערנט.

צוליב דרײַ זאכן האבן מיר נישט ליב די קליינע קינדער:

ערשטנס, וואס די דערוואקסענע הייסן אונדז, מיר זאלן זיי אלץ נאכגעבן, צי זיי זײַנען גערעכט, צי נישט.

צווייטנס, וואס זיי הייסן, מיר זאלן זיי געבן א גוטן בײַשפּיל.

דריטנס, וואָס זיי הייסן, מיר זאָלן זיך מיט זיי שפּילן, בעיים זיי שטערן אונדז.

קומט אויס, אַז צוליב די קלענערע קינדער באַקומען מיר אָפּט אַ פּסאַק, איז ליידן מיר טאָפּלט: אי צוליב זיך, אי צוליב די קלענערע.

לעמאָשל, איך האָב עפּעס, און זי וויל עס דאַווקע האָבן. אויב איך וועל וועלן, וועל איך אַליין געבן, וואָרום איך ווייס, וואָס מען קאָן געבן, און וואָס נישט. און צי גיבן אונדז די דערוואַקסענע נאָך, ווען מיר ווילן דאַווקע עפּעס האָבן? זיי שרײַען נאָך אָן אָף אונדז, און אַז זיי גיבן שוין יאָ אָף אָפּצוטשעפּען זיך, איז נאָך ערגער, וואָרום זיי לערנען אַזוי אַרום אויס, אַז מיט גוטן קאָן מען גאָרנישט באַקומען. און אַז אַזאַ קליין צעבאַ־לעוועט נעפּעשל זעט, אַז מען נעמט זיך אָן פאַר אים, לערנט עס זיך אויס שרײַען, ווען עס וויל עפּעס. דאָס פאַרדריסט זייער.

זאָל עס ווייגען. אָבער ניין: עס מאַכט אַזעלכע געוואַלדן, בעקיוון, אַז אַלע זאָלן הערן, קעדיי מען זאָל זיך צוזאַמענלויפן.

פּונקט ווי עס האָבן דאָ געוויינט אַזעלכע, וואָס אַז דער מאַן האָט איר נישט געוואָלט עפּעס נאָכגעבן, האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד אפן גאַנצן הויף.

און ער פלעגט בלויז זאָגן:

— נו, שווייג שוין, דו טוסט דאָך אָן כאַרפּעס מיר און דיר.

און זי:

— איך וויל דיר טאַקע אָנטאָן כאַרפּעס. זאָלן מענטשן וויסן, זאָל זיך דאָס גאַנצע הויז צוזאַמענלויפן. זאָל קומען פּאָליציי, זאָל קומען די גיכע הילף, זאָל מען שרײַבן אין דער צײַטונג.

זי האָט זיך דאָס אַזוי מיסטאַמע צוגעוווינט פון קלײנווײַז אָן. וואָ־רום אַזוי טוען קליינע קינדער. מען מאַכט געוואַלדן, און די גרויסע גלוסט זיך נישט אויסצוגעפינען, ווי אַזוי עס איז אינדערעמעסן געווען, זיי ווילן בלויז, עס זאָל זײַן שטיל. און דאַן:

— זי איז קליין, דאַרפסט פאַר איר אָפּטרעטן.

פאַר די גרויסע אָפּטרעטן און פאַר די גאָר קליינע נאָך אויך.

אַ גרויסער גיט אַ קלאַפּ, נישט טאָמיד גערעכטערהייט, אָבער אַז אַ ברודער וועט אַ קלאַפּ טאָן, האָט מען באַלד ראַכמאָנעס און מען נעמט זיך אָן די אוולע.

איך האָב מיר געמאַכט אַ מילעכל. אַ האַלבן טאָג זיך אָנגעמאַטערט.
— גיב עס מיר.
זי הייבט עס אָן אַרויסצורייסן.
— גיי אַוועק, ווײַל דו וועסט קריגן.
און זי:
— גיב — גיב.
און די מאַמע וואָס זאָגט?
— וועסט דיר מאַכן אַן אַנדערס.
איך וועל מאַכן, צי נישט מאַכן. זאָל זי אָבער בעטן, צוּוואַרטן, נישט אַרויסרײַסן און:
— מאַאַאַמעעע!
מען קאָן זיך קוים אײַנהאַלטן פון כּעס. און איר גאַנצע קאַוואָנע איז דאָך, אַז מען זאָל איר אַ קלאַפּ טאָן, וואָרום דעמאָלט קאָן זי דאָך שוין אַוואַדע לויפן פאַרמאַסערן. און דו האָסט באַלד אַן אַוואַנטורע.
— אַזאַ ברודער, אַזאַ גרויסער יונגאַטש.
גלײַך ווי איך זאָל זײַן שולדיק.
אַז מען וויל, בין איך קליין, אַז מען וויל בין איך גרויס.
אָדער גאָר.
איך בין שוין נישט בלויז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס איך אַליין טו, נאָר אויך פאַר איר.
— דו האָסט זי אויסגעלערנט. דו האָסט איר געוויזן. פון דיר האָט זי געהערט. דײַן בײַשפּיל.
צי האָב איך איר געהייסן מיר נאָכמאַלפּעווען? אויב איך גיב אַ שלעכטן בײַשפּיל, זאָל זי מיר נישט נאָכקרימען, זאָל זי צו מיר נישט ריידן, זאָל זי זיך מיט מיר נישט שפּילן.
אָבער איך דאַרף דאַווקע מיט איר זיך יאָ שפּילן. טאָ ווי זשע?
— טו אָן דעם פּאַלטאָ, וואָרום זי וועט אויך וועלן אַרויסגיין אָן פּאַלטאָ. דו וועסט נישט באַקומען קיין ביר, אָדער ווורשט, וואָרום זי וועט אויך וועלן. גיי שלאָפן, וואָרום זי וועט אַליין נישט וועלן גיין.
מען פאַרמיעסט דיר אַזוי דאָס דאָזיקע קליינע קינד, אַז דו ווילסט דערמיט נישט האָבן צו טאָן. אָבער ניין: דו מוזט זיך גיין שפּילן.
נו, גוט.

עס זײַנען פֿאַראַן שפּילן, ווו אַ קלײנער קאָן צונויף קומען. קאָן אויך עפּעס טאָן. אָבער זאָל ער פֿאָלגן, זאָל ער די שפּיל נישט קאַליע מאַכן, זאָל ער פֿאַרשטײן, אַז ער קען נישט דאָס אַלצדינג, וואָס מיר.

מען זאָגט אים:

— זעץ זיך דאָ אַנידער, וועסט טאָן דאָס און דאָס.

וויל ער אָבער נישט. ער וויל לױפֿן. — בין איך דאָך אָבער פֿאַר־אַנטוואָרטלעך, אַז ער וועט פֿאַלן און זיך מאַכן אַ בײַל, אָדער זיך עפּעס צערײַסן. נו און ער פּלאָנטערט זיך אונטער די פֿיס און שטערט.

פֿאַר דערוואַקסענע איז אַ קינד אַלציינס, צי עס איז אַלט פֿינף יאָר, צי צען. אַז עס טויג זיי, איז נישטאָ קײן שום כּילעק.

— קינדער, גײט זיך שפּילן.

און אַז עס טויג זיי, ביסטו אַן עלטערער און דו דאַרפֿסט אַכטונג געבן, און אָפּטרעטן, און געבן אַ גוטן בײַשפּיל.

אַלײן זייען זיי מאַכלויקעס צווישן דער מישפּאָכע, און דערפֿאַר קאָן נישט זײַן קײן שאַלעם. דערפֿאַר באַמיען מיר זיך אויסצומײַדן דאָס קלע־נערע קינד, און מיר דערנענטערן זיך דערצו בלויז, ווען מיר לאַנגווײַליקן זיך זייער, אָדער מיר ווילן פֿון דעם יינגערן עפּעס אַרויסבאַקומען.

וואָרום אויך מיר זײַנען נישט ריין פֿון זינד. עס איז פֿאַראַן צווישן אונדז אַ סאַך אָפּנאַרעריי. זאָל נאָר אַ קלײן קינד עפּעס האָבן, געפֿינט זיך באַלד אַ פֿרײַנט, וואָס וועט דאָס פּרוּוון אויסנאַרן. קלומערשט שפּילט ער זיך, ביז ער באַקומט, וואָס ער וויל, און דערנאָך וועט ער זיך אַפֿילע נישט אומקוקן. און דער קלײנער איז שטאָלץ, וואָס מען בעט בײַ אים, אָדער שעמט זיך צו מאָנען, מען זאָל אים אָפּגעבן.

וואָרום פֿאַרשיידן זײַנען סײַ די עלטערע, סײַ די קלײנע.

דערפֿאַר, אויב עפּעס רעכטס, גיט ער זיך נישט אָפּ מיט קלײנוואַרג, קעדיי מען זאָל אַף אים נישט האָבן קײן אויג, און עס שאַרן זיך צו זיי בלויז נאָר די ערגערע.

און אינדערעמעסן גיבן די עלטערע אַ שלעכטן בײַשפּיל די קלענע־רע און מאַכן זיי קאַליע. און אַזוי אַרום וואַקסט פֿון קלײנווײַז אַן עפּעס אַ מעשונעדיקע בריע. און שפּעטער, ווען ער האָט שוין סײכל, איז שווער זיך אָפּצוגעוווינען, שווער זיך צו ענדערן.

איך גיי איבער דער גאַס און טראַכט. איך גיב אַ קוק, אָט איז מײַן ראַבטשיק. איך בין אַזש שטיין געבליבן. אָבער עס האָט זיך מיר בלויז נאָר אויסגעדאַכט. ער איז אַפילע נישט זייער ענלעך געווען. איז נעם איך איצט ווידער טראַכטן וועגן ראַבטשיקן.

— עפשער אים גאַרנישט אָפּנעמען? עפשער וועט אים דאָרט בע־סער זײַן? עפּשער וועט די מאַמע דערלויבן, און דערנאָך וועט זי זיך ביי־זערן? וואָרום אויב מען זאָל וועלן, וואָלט דאָך געווען אַ הונט אָן מיר. איך וועל צוּוואַרטן עטלעכע טעג און הערן, וואָס באַנטשקעוויטש וועט זאָגן, ווי ער פירט זיך דאָרט אויף. ער האָט דאָך אָנגעשמוציקט אין קעמערל. עמעס טאַקע, ער איז געווען פאַרשלאָסן.

און איך ווייס נישט, צי וויל איך, אַז מיר זאָל זײַן היימלעכער מיט אים, צי זאָל איך ראַבטשיקן פאַרשאַפן אַ בעסערע צוקונפט. וואָרום וואָס? איך האָב אים אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן און אויסגעפונען אַן אָרט. עפשער אַצינד זיך מער פאַרנעמען מיט אירענען?

איז אָט, איך קום אין דער קינדערהיים, און דאָרט שפּילן זיך די קינ־דער אין אַ ראָד. זיי האַלטן זיך פאַר די הענט, דרייען זיך און זינגען.

און די לערערן זאָגט:

— איידער צו שטיין, שפּיל זיך בעסער מיט אונדז.

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און איך האָב מיך אָנגעשלאָסן.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט איך מיך אַוודע געשעמט און נישט גע־וואָלט, אָבער אַצינד וועט דאָך מיך קיינער נישט זען. איך האָב מיך אָנ־געהויבן שפּילן. טבילעם האָב איך אָנגעהויבן שפּאַסן, קעדיי מען זאָל מער לאַכן. אָט האָב איך מיך אַראָפּגעזעצט, אַז איך בין קלוימערשט אַ קליינ־טשיקער, אָט האָב איך אונטערגעהונקען, אַז קלוימערשט טוט מיר וויי אַ פוס. איך האָב געוואָלט אויספּראָבירן די לערערן, צי זי וועט זיך נישט בייזערן. וואָרום טאָמער עפּעס, קאָן איך דאָך אַוועקגיין. אָבער די לע־רערן האָט אויך געלאַכט, איז האָב איך מיך שוין אַף אַן עמעס געשפּילט.

די קליינע קינדער זײַנען געווען צופרידן, יעדער האָט געוואָלט זײַן נעבן מיר, איך זאָל אים האַלטן באַ דער האַנט. נו, נישט יעדער, וואָרים טייל האָבן זיך געשעמט, ווײַל זיי קענען מיך נישט. צום שטאָלצסטן איז געווען אירענע, וואָס זי האָט אַ גרויסן ברודער. און זי האָט שוין גענומען באַפעלן:

— דו אזוי — דו אזוי.

זי מיינט, אַז טאָמער עפּעס, וועל איך מיך פֿאַר איר אָננעמען.

און איך האָב געזאָגט, אַז זי זאָל אויפֿהערן, ווײַל איך וועל אַוועק־גיין.

די קליינע האָבן אַזאַ טעווע. וויבאַלד ער ווייסט, אַז אַן עלטערער וועט אים קומען צו הילף, וועט ער דער ערשטער פֿאַרטשעפּען, דער־נאָך אַנטלויפֿט ער, אַז אַ ברודער זאָל זיך פֿאַר אים אָננעמען. און דער ברודער, אויב ער איז אַ שאָלטיק, וועט ער אַליין מיט פֿאַרגעניגן זיך אַרײַנלאָזן אין אַ געשלעג, און דאָ ריזיקירט ער גאָרנישט, וואָרום טאָמער וואָס, איז ער נאָך אַ פֿײַנער:

— פֿאַרוואָס האָסטו דעם קליינעם אַ קלאַפּ געגעבן? איך האָב מיך געמוזט אָננעמען פֿאַר מײַן ברודער.

אַליין וועט ער דעם טײַערן ברודערל אַרײַנשיטן פֿיר מאָל אַזויפֿיל קלעפּ, אָבער אַצינד — איז ער דער געטרײַער ברודער און באַשיצער.

און ווידער וועט דער אָרנטלעכער, כאָטש ער וויל נישט, זיך מוזן אָננעמען, ווען אַפֿילו ער ווייסט, אַז דער קליינער איז נישט גערעכט, — וואָרום ער האָט מורא, אַז ער וועט מוזן אָפּגעבן די עלטערן דין וועגן פֿאַרן קלענערן קינד.

איז אָט האָט די לערערן באַדאַרפֿט אָנשרײַבן עפּעס אַ בריוו און זי האָט מיך איבערגעלאָזט מיט די קליינע קינדער, זיי האָבן מיך געפּאָלגט, וואָרום די לערערן איז געווען אין צווייטן צימער.

בלויז איינער האָט די גאַנצע צײַט געשטערט. וואָרום שפּעטער האָב איך זיי דערציילט דאָס מײַסעלע וועגן קאָטער מיט די שטיוול, האָט דער קליינער ראָצער אַף צולאָכעס געשטערט. אָט דאָס פֿאַרדריסט שוין אַזוי, ווי כ'ווייס נישט וואָס.

איז גייען מיר מיט אירענען אַהיים, מיטאַמאָל טוט מיר עפּעס אַ קלונג אין דער זײַטן־קעשענע. איך געפֿין צוויי גראָשן. ווען עס זאָל זײַן מער, וואָלט איך באַהאַלטן פֿאַר באָנטשקעוויטשן, אָבער אַזוי לוינט נישט, — האָב איך זיי אַוועקגעגעבן אירענען. אויב זי האָט עפּעס, טיילט זי זיך אויך מיט מיר.

טיילמאָל נעם איך, און טיילמאָל נישט. וואָרום אַז מען נעמט עפּעס בײַ אַ קלענער קינד, הייסט עס באַלד, אַז מען האָט אויסגענאַרט. וואָרום

אַזוי איז עס שוין, אַז פאַר שלעכטס איז טאָמיד פאַראַנטוואָרטלעך דער אָרנטלעכער, וואָס איז גאָרנישט שולדיק.

ווען מען זאָל קענען עפּעס ענדערן (אָבער איך ווייס נישט וואָס), וואָלט אונדזער קינדעריש לעבן בעסמעס געווען אָנגענעם. מיר קינדער דאַרפן נישט קיין סאַך צו זײַן גליקלעך, אָבער דאָס דאָזיקע ביסל פעלט אונדז. קלוימערשט זאָרגן זיך די דערוואַקסענע פאַר אונדז, אָבער עס איז אונדז שלעכט אַף דער וועלט.

איך גיי און עס איז מיר אָנגענעם צו פירן די קליינע בײַ דער האַנט. איך גיב מער אַכטונג, ווי אַזוי צו גיין, איך זוך אויס אַ בעסערן וועג. און איך פיל מיך עלטער, שטאַרקער. און דאָס הענטל איז אַזאַ קליינס און אַ גלאַזיקס ווי פון אַטלאַס. און קליינע פינגערלעך. און עס איז אַזש אַ בי־דעש. ייאח טיילמאל קאנסטו עס נישט אָנקוקן.

זי האָט אויפגעגעסן אַ צוקערל, און דאָס אַנדערע מיר געגעבן. איך האָב נישט געוואָלט, אָבער איך האָב אויפגעגעסן, און זי קוקט און לאַכט. ווײַל זי האָט מעכאַבעד געווען.

טיילמאל איז אָנגענעם עפּעס צו געבן פון דעם אונדזעריקן, אין נישט טאָמיד בלויז נעמען און נעמען פון די עלטערע. עס איז אומאָנגענעם. ווען מיר ווילן עפּעס שענקען אַ דערוואַקסענעם, און זיי נעמען נישט, אָדער גיבן עפּעס אַן אַנדער זאַך. וואָס איז מער ווערט. באַלד באַצאָלט. מען פילט זיך דאַן דערנידעריקט, ווי עפּעס אַ בעטלער.

ווען מען זאָל קענען אײַנאָרדענען די וועלט אַזוי, אַז אַלצדינג זאָל זײַן אַ קעגנזײַטיקער אויסבײַט פון טויווס. ווען איך בין געווען טרויעריק, האָט מיר אירענע געגעבן אַ גלעזל, איך האָב איר געקויפט צוקערלעך. זי האָט מיר געגעבן איינס. אַ גאַנץ קייטעלע פון גוטע מײַסים.

און מיר זײַנען אַהיימגעקומען. מיר קומען אַרײַן. און טרעפן די מומע בײַ דער מאַמען. און די מומע זאָגט:

— אָ־אָ־אָ, דײַנע קעלבלעך קומען שוין.

פאַרוואָס קעלבלעך, נישט מענטשן? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר געטאָן, וואָס די מומע רופט אונדז קעלבלעך? בלויז קי האָבן קעלבלעך. וואָס איז דאָס פאַר אַ מיעסער אָנפאַל?

איך בין בייז און איך באַגריס זי נישט אינגאַנצן. די מאַמע איז אַזש בייז געוואָרן:

— פאַרוואָס קומסטו אַרײַן ווי אַ גראָבער יונג. פאַרוואָס באַגריסטו דיך נישט מיט דער מומען?

— צו וואָס באַגריסן? — זאָג איך. — נעכטן בין איך דאָך דאָרט געווען.

— דאָס איז געווען נעכטן, און איצט איז הײַנט.

— און קעלבלעך באַגריסן נישט, — האָב איך אַרויסגעברומט.

— וואָס פאַר אַ קעלבלעך? — פרעגט די מאַמע, וואָרום זי האָט אַפילע רעכט נישט געהערט, וואָרום מען הערט און מען פאַרגעדענקט בלויז באַליידיקונגען אַף דערוואַקסענע.

און די מומע צעלאַכט זיך.

— זעט נאָר, ווי גרויס באַ זיך. האָט זיך באַליידיקט.

און זי הייבט זיך אויף, קעדיי מיר אַ קוש צו טאָן, אָבער איך האָב מיך אָװעקגעדרייט. טוט מיר אַ טויווע, אַז זי וועט מיך באַשפּײַען.

— לאָז אים אָפּ, דעם גראָבן יונג, — זאָגט די מאַמע.

גוט: זאָל זײַן אַזוי. איך האָב מיך באַליידיקט. טאָר איך נישט? אויב איך וועל אַצינד נישט האָבן קיין אַמביציע, וועל איך מיך אויך גרויסער־הייט לאָזן שלעכט באַהאַנדלען.

איך האָב מיך אַנידערגעזעצט קלוימערשט מאַכן די לעקציעס. און איך ציטער אַזש אינגאַנצן פון אויפרעגונג. אָבער איך דערמאָן מיך, אַז אויך אין טראַמוויַ האָבן זיי געלאַכט, וואָס איך בין אַמביציעז. דערוואַק־סענע מיינען, אַז אַ קינד קאָן זיך נישט באַליידיקן. גלײַך ווי דאָס זאָל זײַן עפּעס אַ קונץ. יעדער ווייסט, וואָס עס איז אָנגענעם און וואָס נישט.

מען זאָגט, אַז קינדער זײַנען אײַנגעאַקשנטע.

האָט זיך אײַנגעאַקשנט און וויל זיך נישט באַגריסן.

נו, טאַקע נישט.

— זאָג די מינוס, טו די מינוט.

דאַווקע ניין. און נישט אַף צולאַכעס, נאָר דו ווילסט ליבער קריגן, איידער נישט שאַנעווען דעם אייגענעם קאָוועד. און זיי דאַרפן נישט צווינגען, וואָרום מען טרײַבט נאָר אַרײַן אין פאַרביסנקייט.

איך זיץ אויסגעדרייט און שרײַב. אָבער נישט אַזוי גיך ווי אַמאָל. צי ווער איך טאַקע אין אַלצדינג אַ קינד? און עפּשער וועל איך פאַרגעסן, וואָס איך האָב געקענט, ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער? און עס

וועט מיר ווידער זײַן שווער אין שול. און איך וועל שוין אַף אַן עמעס מוזן גוט אַכטונג געבן אַף די לעקציעס. דאָס וואָלט געווען שרעקלעך.

און גראָד הער איך אַ טראָמפּייט, אַז פײַערלעשער פאָרן.

— מעג איך?

איך קוק אַף דער מאַמען בעטנדיק און וואַרט, ווי אַף אַן אורטייל. איך ווייס נישט, וואָס עס וואָלט געווען, ווען די מאַמע זאָל נישט דערלויבן. וואָרום וויפל מאָל זאָגן דערוואַקסענע נישט טראַכטנדיק: „ניין" — און פאַרגעסן באַלד, אָבער וויפל וויטיק זיי פאַרשאַפן דערמיט, דאָס ווייסן זיי נישט.

פאַרוואָס „ניין"? טאַקע פאַרוואָס? ווײַל עס קאָן זיך עפּעס טרעפן, ווײַל זיי ווילן ליבער זײַן רויִק, ווײַל עס איז נישט נייטיק, ווײַל צוואָס? עס איז דאָך אַזאַ קלייניקייט, נישט וויכטיק. זיי וואָלטן געקאָנט, אָבער זיי ווילן נישט. דעריבער איז ניין — און אַ סאָף.

און מיר ווייסן, אַז עס וואָלט געקאָנט זײַן: „יאָ", אַז דער דאָזיקער פאַרבאָט איז אַ צופעליקער, אַז זיי וואָלטן דערלויבט, ווען זיי זאָלן זיך בלויז אַביסל די מי געבן אַ טראַכט צו טאָן, אַ קוק צו טאָן אונדז אין די אויגן: ווי שטאַרק מיר ווילן.

איז פרעג איך:

— מעג איך?

און איך וואַרט. דערוואַקסענע וואַרטן קיינמאָל נישט אַזוי אַף אַ זאַך. סײַדן אַ טפּיסעניק: צי מען וועט אים אַרויסלאָזן אַף דער פרײַ.

איך וואַרט און עס דאַכט זיך מיר, אַז אויב די מאַמע זאָל מיר נישט דערלויבן, וואָלט איך עס איר קיינמאָל נישט מוחל געווען. וואָרום די דערוואַקסענע דאַכט זיך, אַז מיר בעטן גלײַך טאָמיד אַלצדינג, אַז מיר ווילן סתּם אַזוי און מיר פאַרגעסן באַלד. עמעס, עס טרעפט אַזוי אויך, אָבער עס טרעפט אויך גאָר אַנדערש. אָדער מיר בעטן ביכלאַל נישט, ווײַל עס וועט סײַ ווי סײַ גאָרנישט אַרויסקומען דערפון, ווײַל מיר ווילן נישט הערן אַ שאַרפן אָפּזאָג (אָ, ווי עס טוט וויי, ווען דער אָפּזאָג קומט נאָך באַגלייט מיט כויזעק, מיט עפּעס אַ בייז שטעכווערטל), — איז ווילן מיר ליבער דעם דאָזיקן וויטיק באַהאַלטן אין זיך און מיר בעטן אינגאַנצן נישט, אָדער מיר וואַרטן לאַנג און געדולדיק, צי זיי וועלן זײַן אין אַ גוטער שטימונג, צי זיי זײַנען פון אונדז צופרידן, אַז עס וועט זיי זײַן פריק־

רע אונדז אָפּצוזאָגן. און אויך דאָס געלינגט טײלמאָל נישט: דעמאָלט זײַנען מיר אין כּעס אַף זײ און אַף זיך:

— פֿאַרוואָס האָב איך מיך געאײַלט, עפּשער ערגעץ אַנדערש וואָלטן זײ דערלויבט?

מיר דאַכט זיך, אַז דערוואַקסענע האָבן אַנדערע אויגן, זײ קוקן אַנדערש ווי מיר. וואָרום אויב אַ כּאַוועד בעט מיך עפּעס, גיב איך בלויז אַ קוק און איך ווייס, וואָס צו טאָן. איך בין באַלד מאַסקים, אָדער איך שטעל אַ באַדינג, איך פֿרעג מיך אויס געגנוי, איך לייג אָפּ אַף שפּעטער. כאָטש איך זאָל אַפּילע נישט קענען, דערוועג איך מיך נישט פּראָסט פּאָשעט אָפּצוזאָגן.

אָט אַ שטײגער האָט נעכטן אַ ייִנגל געזאָגט, אַז ער וויל אַרויסגײן — אין קלאָזעט. און די לערערן:

— געגנוג דאָס דרייען זיך. האָסט געקאָנט אַרויסגײן בעשאַס דעם איבעררײַס.

נו, איך ווייס, מען דרייט זיך אָן נייטיקייט, דאָס איז עמעס. אָבער צי איז ער שולדיק? איך גיב בלויז אַ קוק, ווייס איך שוין. צום סאָף האָט אים די לערערן אַרויסגעלאָזט, אָבער דערנאָך באַם סאָף פֿון דער לעקציע האָט זי געשריען, אַז ער איז אַן אומרו. די לערערן האָט אַפּילע נישט געדענקט, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען אין קלאָזעט, אָבער איך ווייס, אַז ער האָט צוליב נעקאָמע אָנגעהויבן אַרומצושטיפֿן, ווײַל ער האָט געמוזט אַזויפֿיל לײַדן, אַזויפֿיל שרעק געהאַט, וואָרום וואָס וואָלט געווען, ווען ער זאָל נישט געווען באַוויזן.

די דערוואַקסענע ווייסן נישט, פֿאַרוואָס און פֿאַרווען מיר טוען זײ אַף צולאַכעס. זײ מײנען, אַז בלויז זײ טוען דאָס און יענץ פֿאַר אַ שטראָף. מיר שטראָפֿן זײ אויך — מיט נישט־געהאָרכזאַמקייט, אויב זײ פֿאַרדינען זיך.

וואָרום פֿאַרוואָס זײַנען מיר פֿאַר טייל אַזוי און פֿאַר טייל אַנדערש?

ווען אַן אַנדערע מומע זאָל מיך אָנרופֿן קאַלב, וואָלט איך מיך נישט באַליידיקט, וואָרום דאָס וואָלט געקאָנט זײַן אַ שפּאַס. אָבער באַ איר איז עס שוין נישט צום ערשטן מאָל. זי האָט אַזאַ האָפֿערדיקן טאָן, האָט ליב צו באַפֿעלן און האַלט זיך אין גרויסן. נו, זאָל זי זיך זײַן ווי זי וויל, אָבער זי האָט אויך ליב כּוויזעק צו מאַכן און רעדן שלעכטס אַף קינדער. זי איז

וואָדע אין קאַס, וואָס זי האָט אַ סאַך קינדער, אָבער ווער איז איר שול־דיק? זאָל זי נישט האָבן.

— איך מוז מיר דאָס האַרץ אָפּעסן מיט זיי. זיי קאָסטן אַזוי פיל. איך נעם מיר אַוועק דעם ביסן פון מויל. איך בין מיך מאַקריוו.

נעמט זיך אַוועק דעם ביסן פון מויל, און איז גראָב ווי אַ פאַס. אַ קינד מוז קאָסטן, דערויף איז נישטאָ קיין אייצע.

פאַראַן דערוואַקסענע, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן אונדז אינגאַנצן נישט געזען.

ער טוט אַ זאָג:

— גוט מאָרגן, כוואַט.

אָדער:

האָ־האָ, וואָס פאַר אַ גרויסער באָכערע!

אַזוי זיך קעדיי עפּעס צו זאָגן. און מען זעט, אַז ער ווייסט נישט מער און גלייַך ווי ער וואָלט זיך זשעגירט. אַז ער טוט אַ גלעט איבערן קאָפּ, איז פאָרזיכטיק, ווי ער זאָל מוירע האָבן, עס זאָל זיך עפּעס נישט אָפּרייַסן אָדער צעברעכן. אָט דאָס זייַנען מענטשן שטאַרקע און גוטע און איידעלע. מיר האָבן ליב צו הערן, ווי זיי שמועסן מיט דערוואַקסענע, דערציילן וועגן אינטערעסאַנטע געשעענישן, וועגן מילכאָמע. מיר האָבן זיי ליב.

און פאַראַן אַנדערע, וואָס גלייַך זיי וואָלטן נישט געהאַט קיין אַנ־דערע אַרבעט, ווי טרייַבן לעצאָנעס, אָפּכויזעקן און אויסטראַכטן צונעמע־נישן, אָדער מאַכן נאַרישע שפּילן. אַ באָרד האָט ער אַ שטעכיקע, שטינקט פון פּאַפּיראָסן און וויל זיך נאָך צולאַשטשען. אָדער ער טוט אַ קוועטש די האַנט און לאַכט, וואָס עס טוט וויי. אָדער ער טוט אַ וואָרף אינדער־הייך און מיינט, אַז דאָס איז פאַר אונדז אַ הערלעכע שפּיל.

— איך וועל דיך אַרויסוואַרפן דורכן פענצטער, אָפּשנייַדן מיט אַ מעסער די נאָז און די אויערן, וועסטו זיי נישט דאַרפן וואַשן.

דאָס אַלץ איז נאַריש און אָן טאַם. און דו קוקסט בלויז אויס, אַז ער זאָל זיך אָפּטשעפּען.

און די ווייַבער ווידער — איז באַלד אַ גלעטן, קלאַפּן און קושן. אָדער אין מויל, אָדער זי וועט דיך אַזוי צודריקן, אַז די זייַטן טוען וויי. און דו מוזסט דאָך זייַן העפלעך, וואָרום זי האָט דיך ליב.

און אַז עפּעס אַ שנעק, וואָס איז אַלט זעכצן יאָר, הייבט אָן מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ דערוואַקסענעם, איז שוין אויף אָן עמעס שווער אויסצוהאַלטן. אַזעלכע מיני כאַכמעס ענדיקן זיך אָדער מיט אַ געוויין, אָדער מיט צעמאַזיקן.

— דאָס בעסטע — איר פאַר זיך, און מיר פאַר זיך.

נו, די מאַמע האָט מיר דערלויבט גיין אויף דער סרייפע, און עס איז די העכסטע צײַט, וואָרום אַז די פײַערלעשער וועלן פאַרבײַפאָרן, וועל איך נישט געפינען די סרייפע.

אָבער קום באַלד צוריק.

זי האָט אַוודע געהאַט עפּעס איבערצושמועסן מיט דער מומע, דערפאַר האָט זי מיר באַלד דערלויבט.

— נאָר צערײַס נישט די שטיוול, — האָט זיך די מומע אַרײַנגעמישט.

זי מוז אומעטום אַרײַנשטופּן איר נאָז.
ווער קאָן טרעפן, וואָס מען מיינט:
— קום באַלד צוריק.

איך לויף, וואָרום איך האָב מוירע, אַז איך וועל נישט באַוויַיזן; אַז די מאַמע וועט נאָך עפּעס צוגעבן, אָדער אירענע וועט זיך צוטשעפּען. אַ מענטש ווייסט קיינמאָל נישט, וואָס עס וואַרט אויף אים. איז האָב איך אַ כאַפּ געטאָן דאָס היטל, און איך בין שוין נישטאָ. איבער פיר שטיגן מיטאַמאָל. מען קאָן אַזוי אַרום אַראָפּגיין, נאָר מען מוז זיך צוהאַלטן באַם אָנלען, און טיילמאָל קאָן מען זיך פאַרשטעכן די האַנט. מיילע פאַרפאַלן: איך ריזיקיר.

איין ייִנגל האָט געוווּסט, ווו עס ברענט. נישט ווײַט. אַ נאַפט־געוועלב. מען זאָגט, אַז אין קעלער איז פאַראַן בענזין. אַז ער וועט זיך אָנצינדן, וועט דאָס גאַנצע הויז פליען אין דער לופטן. מיליציאַנטן צעטרײַבן און די מאַשינען און די העלמעס פון די פײַערלעשער בלישטשען אין אָפּשײַן פון פײַער.

איך וויל נישט, אַז די פעסלעך מיטן בענזין זאָלן זיך אָנצינדן, וואָרום עס וועט זײַן אַ שאָדן און מענטשן וועלן בלײַבן אָן אַ דאַך. אָבער אַז מען זעט דאָס נישט פון דער נאָענט, איז ווייניקער אַ שאָד, און עס וואָלט

שיין געוועזן צו זען אַזאַ אויפריַיס, פון וועלכן דאָס גאַנצע הויז פאַלט איַין.

פאַרוואָס איז אָנגענעם צו קוקן אויף שרעקלעכע זאַכן? עפּעס אַן אומגליק־צופאַל, אַ דערטרונקענער, ווי אַ וועלאָסיפּעד איז שיר נישט אַריבערגעפאַלן אונטער אַן אויטאָמאָביל, אַ געשלעג, אָדער מען כאַפּט אַ גאַנעוו. עפּשער זיַינען טאַקע דערפאַר פאַראַן מילכאָמעס, וויַיל מענטשן האָבן ליב בלוט און סקאַנדאַלן.

און אַ סרייפע איז שוין מיסטאָמע דאָס שענסטע. און דער קאַמף איז אַזאַ איידעלער.

דערוואַקסענע לויפן אויך קוקן, נישט בלויז קינדער. זיי מיקלוירערשט קענען דאָרט צונויפקומען, און צו אונדז זאָגן זיי:

— טראָג זיך אָפּ, — מען דאַרף דיך דאָ נישט האָבן.

איז שטיי איך מיר יעדעס מאָל ערגעץ אַנדערש און קוק, אָבער איך טראַכט קעסיידער, צי דאַרף איך שוין אַהיימגיין, אָדער בליַיבן נאָך אַ מינוטקעלע. נישט בליַיבן ביזן סאַמע סאָף קאָן מען דאָך נישט, כאָטש איך האָב מוירע פאַר אַ פּסאַק.

מען זאָגט, אַז די גיכע הילף דאַרף באַלד אָנקומען, וויַיל אַ פרוי האָט זיך אָפּגעבריט. מען זעט שוין נישט קיין פיַיער, נאָר אַ רויך.

— איך וועל אַוודע נישט וואַרטן אויף דער גיכער הילף. איך וועל מיך סיַי ווי סיַי נישט צושטופּן.

פלוצלינג טוט זיך ווידער אַ הייב אַ זיַיל פיַיער אינדערהייך. און אָט פאַרלייגט אַ פיַיערלעשער אַ ניַיע וואַסערקישקע אַפן ערשטן שטאָק.

— אַז מען וועט אָנהייבן שפּריצן, וועל איך אַוועקגיין.

און עפּשער וועט דאָס הויז אַצינד איַינפאַלן?

איך וויל שוין אַפילע, אַז דאָס זאָל זיך ענדיקן: זאָל איך עפּשער גאָט בעטן? און די פּאָליציי האָט אונדז וויַיט אָפּגעשטופּט. איך זע ווידער ווייניק און וויל אַהיימגיין.

מיטאַמאָל זאָגט מען, אַז באַ די פיַיערלעשער איז עפּעס קאַליע געוואָרן, און עס וועט קומען אַ ניַיע אָפּטיילונג.

אינמיטן דערינען לויפט אַ פרוי און שריַיט, מען פאַרהאַלט זי, אָבער זי ריַיסט זיך אַרויס. און איך זע פעלעקן און בראָנעקן און גאַיעווסקין. און איך וויל שוין אויף אַן עמעס, אַז מען זאָל פאַרלעשן. אָבער קיינער

גייט נישט אַוועק. און אַז זיי שטייען, איז אומאַנגענעם אַליין אַוועקצוגיין.

אַ סרייפע איז אַפילע נישט קיין פאַרווײַלונג. אָבער מיר מוזן אָפּט איבעררײַסן עפּעס אַן אָנגענעמע זאַך אין סאַמע אינטערעסאַנטסטן אָרט, קעדיי נישט צו פאַרשפּעטיקן, אָדער ווען מען הייסט אונדז.

מיט דערוואַקסענע איז דאָך אויך אַזוי. אַז זיי געפינען זיך ערגעץ צו גאַסט און זיי ווײַלן זיך גוט, וועלן זיי זעקס מאָל זאָגן:

— נו, מ'דאַרף גיין אַהיים.

און פּונקט אַזוי זאָגן זיי אויך:

— נו, נאָך אַ ווײַלע.

אַז אָדער נאָך צו גלעזלעך, אָדער נאָך אַ טאַנץ, אָדער קאָרטן — און מען וועט גיין, וואָרום קלוימערשט האָבן זיי ראַכמאָנעס, אַז די קינדער זײַנען שלעפּעריק, אַז מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין פרי. זיי האָבן כאָטש זייגערלעך און ווייסן לעבאַל האַפּאָכעס, וויפל זיי פאַרשפּעטיקן. און מיר ווייסן גאָרנישט, נאָר עס ווילט זיך נישט אַוועקגיין.

דאָס ווײַב זאָגט: „שוין", און ער זאָגט: „נאָך". און זיי ווייסן, אַז קיינער וועט אַף זיי אינדערהיים נישט אָנשרײַען.

און צום מערסטן פאַרדריסט, ווען עס איז געווען אַן אָנגענעמע שפּיל און דערנאָך דאַרף מען אין שרעק גיין אַהיים, און דאָרט הייבט זיך ערשט אָן אַ סקאַנדאַל. ווען זיי זאָלן כאָטש צוּוואַרטן ביז מאָרגן.

מען טראַכט שוין אַפילע.

— איך וויל שוין קיינמאָל, איך וויל שוין אינגאַנצן מיך נישט שפּילן. עס זײַנען מיר שוין נימעס געוואָרן די שפּילן און אַלצדינג.

מען זאָגט זיך אָפּ פון דער גאַנצער פרייד.

איז לויף איך אַהיים, און די מאַמע האָט נאָר אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיינער באַלד.

איך וואַרט: עפּשער וועט די מאַמע פרעגן, ווו עס האָט געברענט. אָבער די מאַמע איז אַרויסגעגאַנגען.

איך זעץ מיך ווידער צו דער לעקציע, און אירענע קומט צו:

— ווו ביסטו געווען?

איך זאָג: „גיי אַוועק", וואָרום איך האָב איבערגעלייענט אַן אויפגאַבע, און איך ווייס נאָך נישט, ווי אַזוי זי צו מאַכן. און זי שטייט. איז זאָג איך:

— איך בין געווען, ווו עס האט געברענט. און גיי אוועק.

און זי:

— וואס האט געברענט?

זי וועט דאך סײַ ווי סײַ נישט פארשטיין. אבער איך בין געדולדיק.

איך זאג:

— א געוועלב האט געברענט.

און זי:

— פארוואס?

איך זאג:

— דערפאר ווײַל דו האסט א פארראצטע נאז. גיי וויש זי דיר אפ.

זי האט זיך פארשעמט און איז אוועקגעגאנגען. עס איז מיר אפ איר א ראכמאנעס, וואס איך האב צו איר אזוי גראב גערעדט. שוין הײַנט דאס צווייטע מאל: אינדערפרי צו מונדעקן, און איצט צו איר.

איז זאג איך:

— נו, קום, וועל איך דיר זאגן.

אבער זי איז שוין אוועקגעגאנגען. אוודאי זיך באליידיקט. נעם איך ווײַטער לייענען די אויפגאבע, ווײַל מארגן איז די ערשטע לעקציע אריפמעטיק.

און אירענע קומט ווידער צו:

— איך האב שוין אפגעווישט די נאז.

איך ענטפער נישט.

זי שטייט און זאגט שטילינקע, אזוי ווי צו זיך:

— איך האב שוין אצינד א ריינע נאז, און מען זעט מיר שוין נישט ארויס די אונטערהייזלעך.

האכנאעדיק, זי האט מוירע, איך זאל מיך אפ איר נישט בייזערן.

וואס זשע טאן? דערציילן? איך הייב אן. זי פארשטייט אבער גאר נישט. פרעגט קעסיידער:

— צו וואס?

צו וואס וואסער, צו וואס שפריצערס, צו וואס פײַערלעשער, וואס איז בענזין, לעבט זי, איז זי א גרויסע?

זי איז קליין און פארשטייט נישט. איך האב אויך נישט געוווסט.

— ווארט וועל איך דיר אנצייכענען.

איך האָב אָנגעצייכנט אַ פײַערלעשער אין אַ העלם, אַ פּאָמפּע — און האָב פֿאַר איר געהאַלטן אַ מין פֿאַרלעזונג.

ווען נישט מיר, וואָלטן די דאָזיקע קליינינקע גאָרנישט געוווּסט. זיי דערוויסן זיך אַלצדינג פֿון אונדז. מיר פֿון די עלטערע, און זיי פֿון אונדז. און אַזוי גייט-צו דאָס לערנען.

איך ווייס שוין נישט, וואָס ווײַטער צו רעדן, זאָג איך:

— כאַזער איבער.

און זי:

— אין געוועלב האָט זיך אָנגעצונדן דאָס וואַסער. איז געקומען פּאָליציי און צעטריבן. און עס איז געווען אַ פײַער — און עס איז געווען אַ סרייפע.

זי מיינט, אַז פײַער און סרייפע זײַנען פֿאַרשידן.

— פֿון פײַער האָט זיך געמאַכט אַ סרייפע.

זי האָט ווידער אַ ליכטל אונטער דער נאָז, אָבער איך זאָג שוין גאָר־נישט. זאָל שוין זײַן. איך וועל שוין סײַ ווי סײַ נישט מאַכן די אויפֿגאַבע. איך האָב מיך געלערנט אַפֿן קאָל אַ פּערז, אירענע האָט געהערט.

די מאַמע איז צוריקגעקומען, און איך בין אַראָפּ אַף דער גליטש. אַזאַ גרויס שטיק אַף צו גליטשן זיך. איך וויל מיך אויסלערנען זיך צו־זעצן אַף איין פֿוס. איך קען מיך אויסדרייען און זיך גליטשן הינטער־ווײַלעכטס. בלויז אַ פּיר מאָל האָב איך מיך איבערגעקערט. איך האָב מיך אַביסל צעקלאַפּט.

און איך בין טרויעריק געווען, ווען איך בין געגאַנגען שלאָפֿן.

נאָך אַ גרעסערע בענקשאַפֿט, ווי בעיס איך בין געווען אַ דער־וואַקסענער.

בענקשאַפֿט און אײַנזאַמקייט.

בענקשאַפֿט, אייַנזאַמקייט און אַ כּיישעק צו עפּעס אוואַנטוריסטי־שע געשעענישן.

שוין בעסער געבוירן צו ווערן אין אַפֿריקע, וווּ עס זײַנען פֿאַראַן לייבן, מענטשן־פֿרעסער און טײַטלען.

פֿאַרוואָס זיצן מענטשן אַזוי צוזאַמענגעקוועטשט? פֿאַראַן אַזויפֿיל ליידיקע וועלט, און אין שטאָט איז ענג.

איך וואָלט אַביסל געוואָלט וווינען צווישן עסקימאָסן, צווישן נע-גערס, אָדער אינדיאַנער.

שיין מוז זיין אַ סרייפּע אין סטעפּ.

נו, ווען יעדער זאָל כאָטש האָבן אַ גערטנדל פאַרן הויז. ביימן, פאַר-זעצן בלימעלעך — אונטערגיסן און זאָלן זיי וואַקסן.

איך טראַכט ווידער וועגן ראַבטשיקן.

— וואָס וועל איך זאָגן באָנטשקעוויטשן?

ווארום איך האָב שוין אַפילו גאָר קיין כיישעק נישט. איך וועל בלויז האָבן פון אים צאָרעס. איך קאָן מיך צעבייזערן און אים שלאָגן. און עס וועט מיר זיין אַ ראַכמאָנעס. און דער הויזוועכטער וועט אים יאָגן, און די קינדער אָפן הויף, אַ צו גרויסע אַכראַיעס — נעמען אַ לע-בעדיק באַשעפעניש אונטער האַשגאָכע.

— אויב ער וויל, זאָל ער זיך אים האַלטן.

# ליבע

ענדלעך איז געווען דער באַל. די מאַמע האָט אָנגעטאָן דאָס קלייד, וואָס די מיכבן האָבן צעפּרעסן. אָבער מען האָט גאָרנישט דערקענט: די מומע האָט עס גוט איבערגעאַרבעט. עס איז געווען אַ געבורט־טאָג־יאָנ־טעוו און עס זײַנען געקומען געסט. מען האָט זיך געווײַלט — געטאַנצט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין אָוונט, און זיך געענדיקט כ׳וויים נישט ווען, וואָרום איך בין געשלאָפן באַ קאַראָלן אין שטוב.

מאַריכנע פון ווילנע איז געווען. און איך האָב מיט איר געטאַנצט. וואָרום דער פעטער פּיאָטר האָט געהייסן טאַנצן. איך האָב גאָר אינגאַנצן נישט געוואָלט. דער פעטער פּיאָטר האָט געזאָגט:

— אָט אַזאַ קאַוואַליר ביסטו? אַ פרײלן איז צו דיר געקומען אַזש פון ווילנע, און דו ווילסט מיט איר נישט טאַנצן.

איך האָב מיך פאַרשעמט און בין אַנטלאָפן אױף די שטיגן. וואָרום ווי קאָן מען עס אַזוי ריידן? גלײַך ווי זי וואָלט טאַקע צו מיר געקומען. איר האָט אויך געקאָנט זײַן פריקרע. אָבער דער פעטער האָט מיך גע־כאַפּט און אַ הייב געטאָן אינדערהייך, און איך רייס מיך אַרויס און וואַרף מיט די פיס אינדערלופטן. ער האָט זיך אַזש פאַרסאָפּעט, אָבער נישט אַרויסגעלאָזט. איך בין געווען שרעקלעך אין כאַס, וואָרום איך האָב מיך נאָך מער פאַרשעמט. און ער האָט מיך געטאָן אַ שטעל אַנידער און גע־זאָגט: „טאַנץ״. און דער טאַטע זאָגט:

— נו, זײ נישט קיין לעקיש, טאַנץ, ווײַל זי איז אַ גאַסט.
פון ווילנע.

איך שטיי און וויים נישט, וואָס צו טאָן, וואָרום איך וויל אַנט־לויפן, אָבער איך האָב מוירע, אַז ער וועט מיך ווידער כאַפּן און ברענ־גען צו שלעפּן. איז נעם איך אַזוי ביסלעכווײַז, אומבאַמערקט פאַרריכטן

אַף מיר דעם אנצוג, איך קוק, צי האָט זיך נישט ערגעץ אָפּגעשפּיליעט, אָדער עפּעס צעריסן.

און מאַריכנאַ טוט בלויז אַ קוק און זאָגט:

— שעם דיך נישט, איך קען אויך נישט קיין סאַך.

און זי גייט צו די ערשטע, נעמט מיך פאַר דער האַנט. זי האָט געהאַט אַ בלויע באַנד — אַזאַ גרויסע שלייף — די האָר זיינען מיט דער דאָזיקער שלייף פאַרבונדן אין אַ זייט.

— נו, קום, לאָמיר פּרוּוון.

איך האָב אַ קוק געטאָן אַפן פעטער מיט קאַס, און ער לאַכט. אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט, בלויז מיר צוויי שטייען. און דער טאַטע. איך ווייס, אַז אויב איך וועל נישט פאָלגן, וועט דער טאַטע אין כּעס ווערן, עפּשער וועט ער מיך גאָר אַרויסטרייבן פון דער סימכע. איך האָב נישט קיין אַנדער אייצע.

איך האָב מיך אָנגעהויבן מיט איר צו דרייען. אין קאָפּ האָט מיר געזשומעט, ווייל עס איז געווען שפּעט, און איך האָב געהאַט געטרונקען ביר. איז זאָג איך: „נו, שוין". און זיי שרייען: „נאָך". עס איז מיר הייס, און זיי האָבן זיך געמאַכט אַ ספּעקטאַקל. און זי הערט נישט אויף, איז גיי איך ווייטער, ביז איך נעם טאַנצן אַף אַן עמעס מיט דער מוזיק, צום טאַקט.

איך ווייס נישט, צי קורץ, צי לאַנג. ביז מאַריכנאַ זאָגט:

— נו, גענוג, וואָרום איך זע, אַז דו ווילסט נישט.

איך זאָג:

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וועלן, עס האָט זיך מיר בלויז פאַרדרייט דער קאָפּ.

און זי:

— איך קען טאַנצן אַ גאַנצע נאַכט.

דערנאָך האָבן אָנגעהויבן די עלטערע, און מיר שטייען נעבן דער טיר:

— וואַרשע איז זייער שיין.

איך:

— ווילנע אויך.

מאַריכנאַ פרעגט:

— ביסט געווען אין ווילנע?

— ניין, נאָר די לערערין האָט אונדז דערציילט אין שול.

זי זאָגט: „דו", און איך ווייס נישט ווי צו זאָגן. בײַ דערוואַקסענע איז פאַראַן אָרדענונג: אומבאַקאַנטע זאָגן זיך „איר" און אַ סאַך. און מיר קינדער ווייסן קיינמאָל נישט. איינעם זאָגט מען: „דו", אַן אַנדערן: „זײַן אַזוי גוט", טיילמאָל „קאַוואַליר", אָדער „פריילײן". איך ווייס שוין אַליין נישט. אַ סאַך מאָל האָבן מיר דערפון כאַרפּע, פאַרלעגנהייט און אומרו. מען דאַרף זיך ווי ס'איז אַרויסדרייען און זאָגן נישט אַהין, נישט אַהער.

— זי — מאַריכנאַ — איז אַזוי זיך געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע און וועט ווידער צוריקפאָרן קיין ווילנע. זי וועט דאָ זײַן אַ וואָך עפּשער.

— אַף לאַנג געקומען צו פאָרן?

— ווער?

— נו, די דאַמע, די מומע — די מאַמע מיט מאַריכנאַן?

— אַזוי אַרום אַ וואָך צײַט עפּשער.

דאָרט אַהין דאַרף מען פאָרן באַנאַכט מיט דער באַן. איך בין נאָך קיינמאָל נישט געפאָרן באַנאַכט מיט דער באַן.

— איך וואָלט געוואָלט — זאָגט זי — שטענדיק וווינען אין וואַרשע.

— און איך וואָלט בעסער געוואָלט אין ווילנע.

איך האָב עס גלאַט אַזוי געזאָגט, עס זאָל הייסן, אַז ווילנע איז אויך אַ שיינע שטאָט.

און זי האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען די דאָרטיקע גאַסן, און אויך די גאַסן פון וואַרשע. דערנאָך די דענקמעלער און פאַרשיידענע אַנדערנקערטער.

— קום אַמאָל צו פאָרן, וועל איך דיר אַלצדינג ווײַזן.

איך האָב אַזוי נאַריש אַ זאָג געטאָן:

— גוט.

אָט גלײַך ווי עס זאָל זיך וווּנדערן אין מיר.

קאַראָל איז צוגעקומען, און מיר האָבן גערעדט וועגן דער שול. וואָס פאַר אַ לערערנס עס זײַנען דאָ דאָרט, און וואָסערע דאָ, וואָס פאַר אַ ביכער עס זײַנען דאָרט פאַראַן, און וואָסערע דאָ.

עס איז געווען זייער אָנגענעם. אָבער דער פעטער פּיאָטר זעט שוין, אַז מיר שטייען, גיי איך גיך אַוועק, קעדיי ער זאָל זיך ווידער נישט טשעפּען.

דערנאָך האָט מען געהייסן מאַריכנאַן זינגען. זי האָט זיך אַפילו נישט געשעמט. ווען זי זינגט, הייבט זי אויף די אויגן אינדערהייך, ווי זי וואָלט געקוקט אין הימל אַרײַן. און זי שמייכלט.

מיר האָבן ווידער געשמועסט. וואָרום סטעפאַן זאָגט, אַז אויף זייער הויף האָבן זיי דרײַ שליטעלעך. איינס אַ גרויס, אַז ער קאָן אַרײַנעמען צוויי מענטשן.

ער זאָגט צו מאַריכנאַן:

— קום, וועל איך דיך פירן.

און אַ גוטע גליטש האָבן זיי. אַלץ אויף זייער הויף. איך האָב נישט ליב, אַז עמעצער דערציילט צופיל מײַסעס.

און אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מײַן סימכע.

און די דאָזיקע דאַמע, מײַן מומע, האָט צוגענומען מאַריכנאַן און זיי זײַנען אַוועק. און די מאַמע זאָגט:

— עפּשער וואָלסטו שוין געגאַנגען שלאָפן?

איך האָב מיך גאָרנישט אַקעגנגעשטעלט, איך האָב בלויז געפרעגט:

— ווו,

און די מאַמע:

— צו די גורסקים.

קאַראָלס עלטערן.

— מאָרגן דאַרף מען גיין אין שול אַרײַן.

איך זע, אַז אויב איך וועל זאָגן, אַז איך וויל נאָך בלײַבן אַביסל, וועט מיר די מאַמע דערלויבן, אָבער וואָס וועל איך טאָן? עס שלעפערט מיך און עס איז לאַנגווײַליק.

אירענע איז אויך באַלד נאָך דער וועטשערע געגאַנגען שלאָפן. און איך בין געשלאָפן מיט קאַראָלן.

און קאַראָל פרעגט:

— פאַרוואָס צי — ען זיי דאָרט אַזוי אין ווילנע.

— איך ווייס נישט.

— איך האָב געוואָלט פרעגן דער דאָזיקער מאַריכנען, אָבער עפשער וועט איר זיין אומאַנגענעם.

— אוודע.

און האָר האָט זי ווי א ציגיינערן.

— הייבט זיך נישט אָן: ציגיינערנס האָבן הארטע האָר, און זי ווייכינקע.

— פונוואַנען ווייסטו?

— נו, מען זעט דאָך.

— און דער פעטער פיאָטר האָט געזאָגט, אז ציגיינערישע.

— דער פעטער פיאָטר ווייסט א סאך, זאָג איך מיט קאַס.

ער האָט א גענעץ געטאָן און שטיל געוואָרן. און דערנאָך ווידער:

— בא אונדז איז נישטאָ אזא.

איך שווייג.

דערנאָך:

— א ווויל מיידל.

איך שווייג.

— זינגט שיין.

איך וואַרט, ער זאָל זיך איבערקערן אױף דער אנדערער זייט, וואָרום אזוי ווי איך בין א גאַסט, פאַסט נישט, וואָס איך וויל נישט מיט אים שמועסן.

איז פרעג איך:

— האָסט געמאַכט אױף מאָרגן די לעקציעס?

— אָ אָ אָ די לעקציעס...

ער האָט א גענעץ געטאָן און זאָגט ענדלעך:

— נו, מען דאַרף שלאָפן. און פאַרוואָס ביסטו באַלד באַשטאַנען אוועקצוגיין? עפשער וועט דאָרט זיין פריילעך?

— וואָס קאָן דאָרט זיין פריילעך? זיי וועלן בלויז נאָך מער זיך אָנטרינקען.

— און דו האָסט געטרונקען בראָנפן? איך צוויי גלעזלעך.

מאָרגן וועט ער אין שול דערציילן, וואָס פאַר א העלד ער איז: אז ער האָט אויסגעטרונקען צוויי גלעזלעך און דער קאָפּ האָט זיך אים נישט פאַרדרייט.

ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט, זיך צוגעדעקט, און פרעגט:

— ס'איז דיר נישט קאַלט? איך האָב נישט צופיל אַראָפּגעצויגן די קאָלדרע?

— ניין, ס'איז גוט.

ווען אַ מענטש איז שלעפעריק, דענערווירט אים יעדע קלייניקייט.

עס איז מיר פריקרע, וואָס איך האָב נישט ליב קאַראָלן, און ער פרעגט מיך, צי ס'איז מיר נישט קאַלט. און פאַרוואָס האָב איך געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך אָנטרינקען? ס'איז נישט גוט צו אורטיילן דערוואַקסע־נע. פאַרפאַלן: זיי זיינען אַנדערש און האָבן אַנדערע פאַרוויילונגען. נו, ווען נישט דער פעטער פיאָטר, וואָלט איך אַפילו קיין וואָרט נישט גע־ווען אויסגערעדט צו מאַריכנען. ווי מיר שעמען זיך עס טאָמיד פאַר אַלצדינג. ראַק מיר האָבן מוירע נישט צו טאָן אָדער צו זאָגן עפּעס אַ נאַרישקייט. מיר זיינען טאָמיד נישט זיכער, צי אַזוי וועט זיין גוט. אַז מען זאָל נישט לאַכן. וואָרום איך וויים שוין אַליין נישט, וואָס איז ערגער, צי אַז מען לאַכט פון אונדז, אָדער מען שרייט.

אינדערהיים און אין שול — אומעטום דאָס זעלבע. דו שטעלסט עפּעס אַ פראַגע, פרעגסט עפּעס, ביסט זיך עפּעס טויע — באַלד אַ גע־לעכטער און כויזעק, יעדער וויל זיין דער גרעסטער כאָכעם און ער וואַרט נאָר צו קענען דעם אַנדערן אויסלאַכן און דערנידעריקן.

די מוירע, אַז מיר זאָלן נישט גענומען ווערן אויף כויזעק, מאַכט דעם מענטש אַזוי אומדרייסט, זשענירט אים, בינדט אים, אַז ער איז טאָמיד אומזיכער, און וואָס מער ער היט זיך אויס, אַלץ לייכטער איז, ער זאָל טאָן עפּעס אַ נישט געהעריקע זאַך. פּונקט ווי אויפן אייז: עס פאַלט־אום צו מיינסטן דער, וואָס האָט צום מיינסטן מוירע.

— נו, מאָרגן מוזן מיר מאַכן שליטעלעך, האָב איך געטראַכט און בין איינגעשלאָפן.

און קוים ווי איך בין איינגעשלאָפן, וועקט מען מיך שוין, אַז מען דאַרף אויפשטיין. איך בין געשלאָפן עטלעכע שאָ, אָבער עס האָט זיך מיר נאָר אַזוי אויסגעוויזן.

איך רייב מיר אויס די אויגן באַם פרישטיק, און עסן ווילט זיך מיר גאָרנישט, און דער טאַטע זאָגט אויף אויסצופרוון:

— עפשער וואָלסטו נישט געגאַנגען אין שול?

ער האָט געמיינט, אַז איך וועל מיך דערפרייען, וואָס דאָס איז מעג־לעך. וואָרום באַלד זאָגט ער:

— פאַרווײַלונג איז פאַרווײַלונג, און שול איז שול.

איך קוק דורך געניו דעם פאָרטפעל, איך זאָל נישט עפּעס פאַרגעסן, די פעדער, צי עפּעס אַנדערש. וואָרום אַז מען איז פאַרשלאָפן, דאַרף מען זיך היטן. אָבער גיין. איך גיי.

און אָט גיי איך. און איך טראַכט מיר, אַז איך פאָר קיין ווילנע. איך פאָר אַ גאַנצע נאַכט. פונקען פליען פאַרבײַ דעם פענצטער — — פײַערדיקע זיגזאַגן.

אפן וועג אין שול אַרײַן און בעשאַס די לעקציעס האָב איך גע־טראַכט וועגן דער דאָזיקער רײַזע. און אַף דער צווייטער שאָ האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו שלאָפן און איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז איך גע־פין מיך אין קלאַס און אָנגעהויבן אונטערצוזינגען, שטיל — אַזוי אונ־טערן נאָז.

און די לערערן:

— ווער זינגט?

איך האָב מיך נאָך אַפילע דעמאָלט אַליין נישט געכאַפּט, איך קוק מיך נאָר אום, ווער עס זינגט. און באָראָווסקי זאָגט אַף מיר. די לערערן פרעגט:

— דו האָסט געזונגען?

— ניין.

וואָרום איך האָב אַף אַן עמעס אַליין נישט באַמערקט. און איך האָב ווידער אינגאַנצן פאַרגעסן און נאָכאַמאָל אָנגעהויבן. מיסטאָמע נאָך העכער — און די לערערן איז שוין אין קאַס געוואָרן. און באָראָווסקי:

— עפשער וועסטו אַצינד זאָגן, אַז נישט דו?

איך זאָג:

— איך.

אַצינד ערשט זע איך, אַז טאַקע איך, פריער און איצט.

די לערערן האָט אַ קוק געטאָן פאַרכידעשט:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז דו קאָנסט טאָן אַף צולאָכעס און קענסט ליגן זאָגן.

צי האָט די לערערן נישט באַמערקט, אַז איך אַליין האָב אַ פאַרכי־דעשטע מינע און האָב אַגמאַס נעפּעש? איך האָב דאָך די לערערן ליב, און זי איז גוט צו מיר. צו וואָס וואָלט איך איר געהאַט צו פאַרשאַפן פאַרדרוס? איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, בין רויט געוואָרן און שווײַ. אַז איך וועל מיך נעמען פאַרענטפערן, וועט די לערערן סײַ ווי סײַ נישט גלייבן. אַצינד ווייס איך שוין, אַז מען קאָן פּלוצלינג טאָן אַ געשריי אָדער אַ פּײַף, אַזוי ווי אין שלאָף. אָבער באַלד זאָגט מען:

— אַף צולאַכעס. אַ צעלאָזענער יונג.

אַ מיעס וואָרט: „צעלאָזענער יונג”. ערגער ווי שאָלטיק, ווי אַלצ־דינג. עס איז עפּעס אַזוי באַליידיקנדיק. עס קלינגט ווי — צעלאָזענע הינט. איך האָב אויך נישט ליב דאָס וואָרט: „געהאָרכזאַמקייט” — לע־מאָשל באַ גימנאַסטיק:

— געהאָרכזאַמקייט — דיסציפּלין.

איך פּיל באַלד, ווי אָט וועט מען באַשטראָפן, שלאָגן מיטן פּאַסעק, מיט אַ רימען.

— צעלאָזענער יונג.

„יונג” — אויך אַ מיעסער אויסדרוק.

עס זײַנען פאַראַן נישט איידעלע אויסדרוקן, וועלכע מען וואָלט אין שול נישט באַדאַרפט זאָגן. אָפּט קאָן מען נישט ליב האָבן אַ מענטש פאַר עפּעס אַ נישט אָנגענעמען אויסדרוק, וואָס ער באַנוצט אָפּט.

און די לערערן האָט מיך געהייסן גיין פריער אין ווינקל אַרײַן, און באַלד דערנאָך צום וואַנט־טאָוול. זי גיט מיר צו מאַכן אַן אויפגאַבע. גאָר אַ לײַכטע. איך האָב באַלד געוווּסט דעם ענטפער. איך האָב איבערגע־רעכנט אין דער שטיל און זאָג:

— פּופּצן.

די לערערן מאַכט זיך נישט הערנדיק.

— כאַזער איבער די אויפגאַבע.

איך בין בייז. איך זאָג:

— עס קומט אויס פּופּצן. צי נישט?

און די לערערן:

— אַז דו ווערסט מאַכן, וועסטו וויסן. מאַך עס פאַר דעם גאַנצן קלאַס.

איך נעם איבערכאַזערן אַן כיישעק. און איך פאַרפּלאָנטער מיך. די יינגלעך צעלאַכן זיך.

— גיי אַף דיין אָרט. האָסט אַ צוויי.

און ווישניעווסקי פרעגט:

— ער דאַרף גיין אַף זיין אָרט צו דער באַנק, צי אין ווינקל אַריין?

איך גיי און איך קאָן מיך נישט איינהאַלטן, וואָרום ווישניעווסקי האָט בעקיוון אַרויסגערוקט דעם עלנבויגן אין דורכגאַנג, איז האָב איך אים אַ שטופּ געטאָן. און ער לאָזט אַרויס אַ געשריי מיטן גאַנצן קויעך:

— וואָס שטופּסטו זיך?

אַזאַ כאַזער. ער האָט געמיינט, אַז די לערערן וועט נישט באַמערקן. און די לערערן האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל זי מיך ווייטער פּייניקן, צי אים באַשטראָפן.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומרויִקייט אין דעם גאַנצן קלאַס. אַז מען זיצט שטיל, איז שטיל, און ווי נאָר עס הייבט זיך אָן מיט איינעם, קומען באַלד — באַמערקונגען, שטעכווערטלעך, שפּאַסן, געלעכטערם און שמועסן. דעמאָלט איז שוין שווער איינצושטילן. און פאַר אַלצדינג איז פאַראַנטוואָרטלעך דער ערשטער, וועלכער האָט אָנגעהויבן.

— זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן.

איך האָב אַנידערגעלייגט דעם קאָפּ אַף די הענט און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך וויין. אַזוי טוט מען אָפט. דאָס איז דאָס בעסטע. דעמאָלט לאָזן זיי צורו. אָבער איך וויין נישט, וואָרום איך לייד זייער, איך בין זייער אומגליקלעך.

פלוצלינג האָב איך אַ טראַכט געטאָן:

— ווען מאַריכנאַ זאָל זיין אַ לערערן, וואָלט זי געווען אַנדערש.

וואָרום אויב מען פירט זיך אויף שלעכט, קאָן מען אַנדערש באַשטראָפן, און נישט מיט אַ צוויי פאַר אַ קענגנשטאַנד. וואָרום דער, וואָס האָט נאָך מיר געקרעכצט באַם וואַנט־טאָוול און געשוויצט באַ דער זעלבער אויפגאַבע, האָט אויך צום סאַף אַרויסבאַקומען פופצן.

— מאַריכנאַ וואָלט אַזוי נישט געטאָן. אָבער זי איז קליין, און זי — מאַריכנאַ — פאַרט אַוועק. אַ גאַנצע נאַכט וועט זי פאָרן מיט דער באַן אַזוי וויַיט — קיין ווילנע. און איך וועל זי שוין נישט זען. עפּשער שוין קיינמאָל נישט זען. זי וועט שוין קיינמאָל נישט זינגען. און מאַריכנאַ

שמייכלט ליב און האט א בלויע שלייף. און האט וויכינקע האר, לאכלוטן נישט ווי א ציגײַנערן.

די לערערן האט געמוזט זײַן שטארק אין כאס, ווארום בעיים דער פויזע איז זי צוגעקומען און געזאגט:

— אויב דו וועסט נאכאמאל האבן פליגן אין נאז, וועל איך זאגן דעם דירעקטאר. איך וועל דיך שוין מער נישט פארטיידיקן.

און זי איז אוועקגעגאנגען. זי האט מיך נישט געלאזט אפילו זיך פארענטפערן. און ווען זי זאל יא לאזן, וואס קאן איך זאגן?

— אז איך האב ליב מאריכנען?

גלײַכער דער טויט, איידער דאס מוידע זײַן.

„פליגן אין נאז". איך האב נישט קיין פליגן אין נאז, און די לערערן ווארפט מיר פאר, וואס ס'איז אמאל געווען. מען דארף נישט פארווארפן די טויוועס. זאלן די דערוואקסענע געדענקען, אז דאס רעגנט־אויף, עס פארדריסט זייער. ווארום דאס הייסט, אז זיי מיינען, אז מיר פארגעסן לײַכט, מיר קענען נישט זײַן דאנקבאר.

אט זיי פארגעסן יא. מיר געדענקען גוט. אמאל א יאר און אמאל לענגער. יעדע אומטאקטישקייט און אומגערעכטיקייט, יעדע באמערקונג, יעדע גוטע טאט זייערע. מיר באטראכטן אלצדינג טאמיד ערלעך — און זיי האבן אין אונדז א פארבינדעטן אדער א סוינע. מיר קענען א סאך מויכל זײַן, אויב מיר זעען גוטסקייט און אויפריכטיקייט. איך וועל דער לערערן אויך מויכל זײַן, ווען איך וועל מיך בארויִקן.

מונדעק קומט צו און הייבט אן צו שפאסן. ער זעט, אז איך בין טרויעריק, וויל ער מיך טרייסטן.

— וואס, דו וועסט מוירע האבן פאר רעכענען? וועסט באקומען פינף פינפטלעך, וועט די איינע צוויי אליין אנטלויפן פאר שרעק. זי וועט אזוי פליען, אז מען וועט זי נישט קענען דעריאגן. ביסט דאך עפעס א מאטעמאטיקער, א גרויסער סטאטיק.

איך האב געזאגט שטיל:

— לאאאז אפ.

איך גיי ארוים אפן הויף, אבער איך שפיל מיך נישט. און נאריש זעט מיר אויס דאס ארומלויפן.

— ווי גוט וואָלט געווען, ווען אַלע מיידלעך זאָלן זײַן ענלעך צו איר. און עפּשער וועלן מיר טאַקע פאָרן קיין ווילנע? עפּשער וועט דער טאַטע דאָרט קריגן אַרבעט? עס קאָן אַלצדינג טרעפן.

איך האָב גענומען פון דער ביבליאָטעק אַ ביכל. היסטאָרישע דער־ציילונגען. איך וועל עס לייענען.

איך גיי אַהיים אַליין. מונדעק האָט נישט געקאָנט וואַרטן. איך גיי און שלײַדער מיטן פוס אַ שטיקל אײַז. מען דאַרף זיך באַמיען אַ קאַפּע צו טאָן גלײַך, פאַר זיך, וואָרום עס דרייט זיך רעכטס אָדער לינקס. און איך לויף־נאָך אין זיגזאַגן. עס זאָל זיך נישט פאַרהאַלטן, נאָר קעסיידער פאָ־רויס. דאָס ערגסטע איז, ווען עס שלאָגט זיך אָן אין אַ פאַרבײַגייער, וואָ־רום דעמאָלט טוט עס שוין אינגאַנצן אַ פלי אַוועק אין אַ זײַט און מען דאַרף ווידער אָנהייבן פונדאָסנײַ. איך האָב אָפּגעמאַכט, אַז איך מעג צען מאָל אויפסנײַ אָנהייבן.

אָבער איך האָב באַגעגנט דעם טאַטן, און ער האָט זיך געבייזערט, אַז איך מאַך אַ טעל פון די שטיוול, ווײַל די שפּיצן קלאַפּן זיך אָפּ.

איך קום אַרײַן אין טויער, און דערזע די יינגלעך זיך פירן אויף שלי־טעלעך. איך שטיי־צו צו זיי. אָבער עס איז נישט געווען שטאַרק אָנגע־נעם. וואָרום ווען מען האָט אַגמאַס נעפעש, קאָן מען זיך שפּילן, אָבער מען דערמאָנט זיך יעדע רעגע. ווי עס וואָלט עמעצער נאָכגעגאַנגען און געזאָגט:

— האָסט פאַרגעסן? געדענקסט נישט?

דאָס זײַנען נישט קיין געוויסנסביסן, נאָר אַזאַ צודרינגלעכער גע־דאַנק. געוויסנסביסן זײַנען גאָר אַנדערש: זיי זײַנען שרעקלעך — האָסט מוירע פאַר גאָט.

איין יינגל זאָגט, אַז עס איז אינגאַנצן נישטאָ קיין גאָט, נאָר מענ־טשן האָבן דאָס בלויז אויסגעטראַכט. ער זאָגט, אַז ער ווייסט דאָס אויף זיכער. ער האָט זיך געוואָלט געוועטן, — אַזאַ נאַר.

איך האָב זיי צוויי מאָל געפירט אויף די שליטעלעך, און זיי מיך איין מאָל. און גענוג.

איך בין אַביסל געזעסן באַם פענצטער, דערנאָך האָב איך באַקוקט בילדלעך אין אַ ביכל. זיי געפעלן מיר נישט. דאָס ערשטע בילדל איז אַ העלדיש. אַ רײַטער אויף אַ פערד. אַ שלאַכט. אַרום פליען קוילן. און ער

האַלט אויפגעהויבן די שווערד און זעט אויס ווי אַ ליאַלקע. אַזוי שטייט אויסגעפּלייכט.

צי איז עס נישט צופעליק אַזוי, אַז פאַר קינדער מאַכט מען טאָמיד פון ערגסטן מין? אַ גוטער מאַלער פאַר דערוואַקסענע, און אַ שלעכטער פאַר קינדער. און די מייסעלעך פאַר אונדז זיינען אויך ווי פון יוּיצע וועגן, אַבי־ווער שרייבט, דאָס זעלבע איז מיט דער קינדער־פּאָעזיע און די קינדער־לידלעך. ווער עס האָט נישט קיין מאָל באַ דערוואַקסענע, גייט צו די קינדער.

אָבער דאַווקע מיר האָבן דאָך צום מיינסטן ליב מייסעלעך, בילדלעך און לידלעך.

מען האָט מיך גערופן אַף צו העלפן מאַכן אַ נייַ שליטעלע. און אַז איך זאָל געבן מיינע צוויי ברעטער, אַ שטריקל און בלעך.

זיי האָבן זיך געקרימט, אַז עס איז ווייניק בלעך, און דאָס שטריקל איז קורץ.

— אָבער שטאַרק.

איין ברעט איז פאַרנוצט געוואָרן אַף אַ זיצפּלאַץ און דאָס אַנדערע אַף צו באַפעסטיקן דעם באָדן. ווען עס זאָל זיין מער בלעך, וואָלט מען געקאָנט דאָס גאַנצע שליטעלע אונטערשלאָגן און עס וואָלט זיך לייכטער געגליטשט. אָבער נאָך גוט, וואָס כאָטש פון פאָרנט איז דאָ בלעך. און טשוועקעס האָב איך געגעבן: איינעם אַ לאַנגן, אַ גלייכן — איך האָב געפונען אַף דער גאַס.

יעדער געדענקט, וואָס ער גיט, וואָרום אַזויפיל רעכט האָט ער, וויפל ער גיט.

עס איז אָנגענעמער צו מאַכן אַליין און עס צו האָבן פאַר זיך. פון קיינעם נישט זיין אָפּהענגיק. אָבער קינדער פאַרמאָגן זעלטן עפּעס אַ זאַך אַף אַן עמעס.

די מאַלבושים זיינען קלוימערשט מיינע, אָבער די עלטערן האָבן זיי געקויפט. פאַר די ביכלעך און העפטן איז מען פאַראַנטוואָרטלעך סיי אין־דערהיים, סיי אין שול. יעדער באַקוקט און האָט אַ רעכט זיך אַריינצומישן.

די לערערן מעג דאָס ביכל איינבייגן ווי אַ טרייבל, אָבער זאָל נאָר

עמעצער פון אונדז פּרובירן. מען וועט באַלד זאָגן, אַז מיר שאַנעווען ניִשט. וואָרום באַ קינדער מוז אַלצדינג זײַן מוסטערהאַפט.

די שוטפּעסן זײַנען ניִשט גוט. מיר מוזן זיך דאָך צעקריגן. איינער פירט דעם אַפּן שליטעלע, דער אַנדערער יענעם. איינער טוט אַ שלעפּ און קערט־איבער — זאָגט מען אים, אַז ער קען צעברעכן, מאַכט ער זיך גאָרניִשט דערפון. ער האָט געגעבן עטלעכע ברעטער, האָט ער אויך אַ רעכט.

אָדער: אַליין עמעצן פירן וויל ער ניִשט, נאָר זיצן ווי אַ גראַף. מיר קריגן זיך אָפּט — דאָס איז עמעס, אָבער טוט נאָר אַ טראַכט, ווי מיר זײַנען אין אַלעם אַנגעוויזן בלויז אַף זיך אַליין.

וויפל פאַרשיידענע געריכטן האָבן די דערוואַקסענע. און מיר האָבן בלויז דאָס פאַרקלאָגן זיך. און די דערוואַקסענע האָבן ניִשט ליב אונדזער פאַרקלאָגן זיך. זיי פאַסקענען־אָפּ אַבי אָפּצופּאַטערן, און גערעכט בלײַבט אָדער דער, וועלכן זיי האָבן מער ליב, אָדער דער יינגערער, אָדער דער עלטערער איז גערעכט, אָדער דאָס מיידעלע, אָדער ביידע זײַנען שולדיק, ווײַל עס איז מיעס זיך צו קריגן.

עפּשער אַמאָל וועלן מענטשן לעבן בעשאָלעם און אין פרײַנטשאַפט. אָבער נאָך ניִשט אַצינד.

פון אַ ליאַדע־וואָס באַליידיקט ער זיך און באַלד:

— אַז ניִשט, גיט מיר צוריק מײַנע ברעטער און טשוועקעס.

ער ווייסט, אַז מיר וועלן ניִשט צוריקגעבן. וואָרום ווי אַזוי? סײַדן צעברעכן דאָס שליטעלע, און אַרויסוואַרפן די גאַנצע אַרבעט. גיי זוך אַ נײַעם שותּף און מאַטער זיך פונדאַסנײַ.

— קינדער האָבן ליב צו מײַסטרעווען.

אַוואַדע האָבן זיי ליב, אָבער אַז מען מאַכט עפּעס, וויל מען, עס זאָל זײַן.

איך צייכן־אָן עפּעס, און איינער נעמט צוליב אַ נאַרישן שפּאַס און צערײַסט, אָדער פאַרשמירט עס — איז אַ שאָד. איך האָב אויסגעזוכט אַ שטעקעלע, אַ שטריקל — געמאַכט אַ בײַטש, ווײַל איך ניִשט מען זאָל עס צעברעכן. געמאַכט אַ שליטעלע, דאַרף זײַן אַ שליטעלע.

טיילמאָל איז בעסער פונאַנדערצונעמען, ווײַל דאָס צווייטע וועט בעסער געלינגען. אָבער מען דאַרף פאָרויס וויסן, וואָס מען וויל און פאַר־וואָס מען דאַרף אָנהייבן פונדאָסנײַ. אָז אָדער מיר האָבן בעסער געצײַג, אָדער מער מאַטעריאַל.

וואָרום ווי אַזוי מאַכט מען אַ שליטעלע אָן אַ האַמער? מיר האָבן געמוזט קלאַפּן מיט אַ שטיין. און ווען עס זאָל כאָטש זײַן אַ באַקוועמער שטיין. עס איז דאָ איינער, אָבער אין ברוק. מיר האָבן אים אַפילו גע־וואָלט אויסגראָבן, און דערנאָך צוריק אַרײַנזעצן. אָבער ווען דער הויז־וועכטער זאָל דאָס זען, וואָלט ער אונדז געגעבן דעם עמעסן פּסאַק! אַ וואָך צײַט וואָלט מען זיך נישט געקאָנט ווײַזן אַפן הויף.

איך קלאַפּ דעריבער אַרײַן מיט אַ קײַלעכדיקן, אומבאַקוועמען שטיין, און האָב מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין אַ פינגער. עס האָט זיך מיר אַזש גע־מאַכט אַ שוואַרץ קײַלעכל אַפן פינגער. דערנאָך האָב איך נאָך מיט אַ דראָט אָפּגעריסן די הויט צווישן די פינגער: אַצינד באַם אײַנבייגן טוט וויי. וואָרום אַף איין אָרט דאַרף מען אַרומנעמען מיט דראָט, ווײַל מען האָט באַדאַרפט אַ לאַנגן טשוואָק, און מיר האָבן אַרײַנגעקלאַפּט דרײַ קליינע, האָט זיך דאָס ברעט צעשפּאָלטן. האָט מען באַדאַרפט אײַנציען.

און אַזוי ווערט טאָמיד עפּעס קאַליע, און מען דאַרף קעסיידער פאַר־ריכטן.

עס קומט צוגיין יוזשעק.

— אָאָאָ, זיי האָבן געמאַכט אַ שליטעלע, און זיי קענען נישט פאָרן.

— טאָ מאַך דו אַ בעסערס.

— אַוואַדע, ווען איך זאָל וועלן, וואָלט איך געמאַכט.

— נו, טאָ וויל.

— איך וויל אָבער נישט.

— גיי שוין, זוך נישט קיין כעסרוינעס. אַז עס געפעלט דיר נישט, קוק נישט.

און ער:

— ווערסט נישט לאָזן קוקן?

— ניין, איך וועל נישט לאָזן.

איינער פאַרריכט, און צוויי שטופּן אים אַוועק.

זרשט פראַנעק רופט זיך אָן:

— לאָזט אים אָפּ, האַלט בעסער צו, ווײַל איך קען נישט אַליין.
— טאָ צו וואָס שטייט ער און זוכט בעסרוינעס?
— זאָל ער. ער האָט נישט קיין שליטעלע, איז פון קינע.
— אָאָאָ, וואָס דאָ איז מעקאַנע צו זײַן: אַזאַ שמאַטע.
פון אַ קריגערײַ קומט טיילמאָל אַרויס אַ געשלעג, און טיילמאָל העלפט מען גאָר איינער דעם אַנדערן אַף אַן עמעס.
אַזוי טאַקע אַצינד:
— אַן אַ האַמער וועט איר גאָרנישט מאַכן.
און איך:
— טאָ גיב אַ האַמער, אויב דו ביסט אַזאַ כאָכעם.
— איך וועל אײַך געבן, אַז איר זאָלט אים צעברעכן.
— אָבער דו האָסט?
— אַוואַדע האָב איך.
באַרימט ער זיך, אָדער איז עס עמעס?
אָבער ער איז געלאָפן און געברענגט.
— דײַנער?
— נאָר וועמענס?
— עפּשער באַם טאַטן גענומען?
— נו, האָב איך דאָך גענומען, נישט דו.
אָבער אויב ער האָט גענומען אָן אַ דערלויבעניש, און עס וועט אַרויסקומען אַן אַוואַנטורע, וועלן אַלע קריגן אַ פּסאָק.
און ער האָט טשוועקעס אויך.
— אויב איר וועט מיר דערלויבן צו פאָרן, וועל איך אײַך באָרגן.
מען האָט נישט באַדאַרפט נעמען, ווײַל ער איז אַ שאַלטיק. אָבער עס איז אַ שאָד די צײַט, יעדער איינער וויל כאָטש אַביסל געניסן. און מיר האָבן מאַסקים געווען. אָבער עס איז אַ שאָד. אַז דאָס ברעט איז צעפּוילט, וועט קיין האַמער אויך נישט העלפן. און ער איז אַ שווערער און פּאָרט אַזוי, ווי ער זאָל בעקיוון וועלן צעברעכן.
די גאַנצע אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן.
און ווידער הייבט זיך אָן אַ קריגערײַ. איז גיי איך מיר אַהיים.
טרויעריק, טרויעריק, טרויעריק.
אירענע קוקט מיך אָן, און זי זעט, אַז איך האָב אַגמאַס נעפעש,

זאָגט זי שוין נישט, אַז מיר זאָלן זיך שפּילן. זי האָט צוגערוקט אַ בענ־קעלע, זיך אַנידערגעזעצט נעבן מיר און אָנגעשפּאַרט די האַנט אויף מײַנע קני.

און איך שווײַג, איך טראַכט בלויז:

— ווען מאַריכנאַ זאָל זײַן מײַן שוועסטער.

און איך ווייס, אַז דאָס איז אַ זינדיקער געדאַנק, וואָרום עס איז גלײַך ווי איך זאָל וועלן, אַז אירענקע זאָל שטאַרבן, קעדיי איך זאָל האָבן אַן אַנדער שוועסטער.

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר קאָפּ. זי ווידער לענט באַלד אָן דעם קאָפּ אויף מײַנע קני און שלאָפט גלײַך אײַן. און איך האָב טפילע געטאָן מיט מײַן געבעט: אַז אירענקע זאָל לעבן און זײַן געזונט און אַז מאַריכנאַ זאָל זײַן גליקלעך.

נו וואָרום עס איז עמעס: איך האָב זי ליב, מאַריכנען.

וואָס עס טוט זיך אַלץ אָפּ אין מענטש, וואָס פאַר אַ פאַרשיידענע זאַכן. וואָרום אויב מען זאָל זיך אַזוי צוקוקן, זעט מען הײַזער אין מענ־טשן און פערד און אויטאָמאָבילן. טויזנט אָדער אַ מיליאָן פאַרשיידענע סובסטאַנטיוון: לעבעדיקע און נישט לעבעדיקע. און אויך אין די געדאַנ־קען זײַנען פאַראַן די דאָזיקע סובסטאַנטיוון. אין מענטש. איך פאַרמאַך די אויגן און זע דאָס זעלבע: הײַזער, מענטשן, פערד. פּונקט אַזוי. און יע־דער סובסטאַנטיוו האָט אַ סאַך אַדיעקטיוון. אַ גרויס הויז, אַ שיין פערד, אַ ליבער מענטש. און פון דעם סובסטאַנטיוו מיטן אַדיעקטיוו ווענדט זיך ערשט, צי איך האָב עפּעס ליב, צי עס געפעלט מיר.

און דאָ קומט ווידער אַזאַ מין פאַרשיידנהייט. איך האָב אַנדערש ליב ראַבטשיקן, אַנדערש די עלטערן, אַנדערש מונדעקן, אַנדערש די דאָזיקע מאַריכנאַ פון ווילנע.

נו, וואָרום וואָס קאָן איך זאָגן:

— איך האָב ליב, איך האָב זייער ליב, איך האָב שטאַרק ליב.

און אַ סאָף.

אָבער איך פיל, אַז עס איז אַנדערש.

און ערשט באַם סאַמע העכסטן שפּיץ איז עס ווי — גאָט.

זייער מאָדנע.

ווען איך זאָל נישט האָבן געווען אמאָל א גרויסער, וואָלט איך דאָס עפּשער נישט געוווּסט. אָבער אצינד ווייס איך שוין, אַז קינדער זײַנען פאַרליבט, נאָר זיי ווייסן נישט, ווי דאָס הייסט. אָדער עפּשער שעמען זיי זיך מוידע צו זײַן, און זיי זאָגן בלויז, אַז זיי געפעלט.

זיי האָבן אַפילע מוירע צו זאָגן:

— דאָס דאָזיקע מיידל איז באַכיינט. זי געפעלט מיר. זי איז אָנגענעם.

וואָרום ס'ראָוו האָבן דערוואַקסענע האַנאַע כויזעק צו מאַכן פון ליבע. און אָט דאָ ערשט זעט מען, ווי נישט איידל זיי זײַנען.

מען טוט א זאָג:

— אָט איז א קאַוואַליר מיט א פרייליין.

אָדער:

— נו, צעקושט זיך.

אָדער:

— כאָסן־קאַלע.

— מאַן און ווײַב.

גלײַך ווי מען וואָלט נישט געקאָנט עמעצן ליב האָבן, שמועסן, קוקן, צוזאַמען זיך שפּילן אין עפּעס א שפּיל און זיך דערלאַנגען די הענט צום אָפּשייד. אָבער אַז קיינער זאָל וועגן קיין זאַך גאָרנישט פרעגן. און אַז קיינער זאָל אַפילע נישט באַמערקן.

ליידער קאָן מען נישט.

אַז איך וועל א פרעג טאָן קלוימערשט סטאַם אַזוי:

— איז מאַריכנאַ א שיינער נאָמען?

אָדער איך וועל זאָגן, אַז זי האָט א שיינע, בלויע באַנד אין די האָר. אָדער: פאַרוואָס אַז זי לאַכט, מאַכן זיך איר גריבעלעך?

לאָמיך נאָר עפּעס א פרעג טאָן, אָדער זאָגן, וועט מען באַלד אָנהייבן שפּיאָנירן:

— וואָס, זי געפעלט דיר? עפּשער וואָלסטו מיט איר כאַסענע געהאַט?

נאַרישע וויצעלעך און אומאָנגענעמע געלעכטערס.

יאָ, איך ווייס.

פאַראַן אַזעלכע, וואָס מאַלפּעווען נאָך. זיי ווילן זיך אײַנקויפן אין ייִכעס בײַ די דערוואַקסענע, אונטערכאַנפּענען, איז טוט ער גלײַך אַ נעם אונטערן אָרעם און:

— מײַן ווײַב. מײַן קאַלע.

די דערוואַקסענע ווילן קלוימערשט, אַז מיר זאָלן זײַן קלוג, קלוי־מערשט האָבן זיי נישט ליב אונדזער לעצעווען; אָבער אַליין צווינגען זיי דערצו.

זיי ווייסן נישט, ווי אומאַנגענעם עס איז פאַר אַן עמפּינדלעך ווען צו מאַכן פון זיך אַ לעץ. טייל קינדער ווערן אַף אַן עמעס פאַרדאָרבן, און אַנדערע פילן צו אײַך בלויז פאַרדרוס און אומווילן. פאַר דער דאָ־זיקער נײַגיריקייט און פאַר דעם, וואָס איר ווייסט.

איך זיץ שטיל און טראַכט. און פּונקט ווי איך, אַזוי זיצן טויזנטער קינדער אין פאַרשיידענע צימערן אין די פאַרנאַכטן און טראַכטן וועגן די כּידושים און טרויעריקייטן פון לעבן. וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין אים, וואָס עס טוט זיך אַרום. און די דאָזיקע מאַכשאָוועס אונדזערע קע־נען נישט די דערוואַקסענע. העכסטנס:

— וואָס טוסטו דאָרט? פאַרוואָס שפּילסטו דיך נישט? וואָס עפּעס אַזוי שטיל?

נו, דערפאַר ווײַל דאָס קינד וויל נאָכן אַרומטומלען, אַרומלויפן און אָנזען זיך פאַרשיידענע זאַכן — אין שטילקייט זיך אויסטײַנען מיט זיך אַליין. און בלויז איינס, איין איינציקס פון טויזנט געפינט הילף מיצאַד די דערוואַקסענע. אָדער בײַ אַ פרײַנט.

וואָרום אָט לעמאָשל, ווי מאָדנע עס איז דער שלאָף. אירענקע שלאָפט זיך אַזוי און ווייסט פון גאָרנישט. אָדער עס כאָלעמט זיך איר עפּעס, וואָרום זי האָט אָפּגעזיפצט. מיסטאָמע זײַנען אויך אין איר שול פאַראַן קינדער, וועלכע זי האָט ליב און זי וויל אויך נישט אויסזאָגן.

איך פאַרגלײַך אירענען מיט מיר, איך דערמאָן מיך די פאַרגאַנגענ־הייט, ווען איך בין געווען אַ גרויסער, און איך זע, אַז מיר זײַנען אַלע ענלעך, אַלצאיינסיק. אַ רייפער מענטש איז קינדיש, אַ קינד איז רייף. מיר האָבן זיך נאָר בלויז נישט אײַנפאַרשטענדיקט צווישן זיך.

נו גוט.

איך האָב געזען מאַריכנען אַ צווייט מאָל.

נאָך איין איינציק מאָל איז מאַריכנא געווען בא אונדז. זי האָט זיך אַפילע נישט אויסגעטאָן דעם מאַנטל. זיי זאָגן, אַז זיי מוזן שוין גיין, אַז זיי זײַנען געקומען בלויז זיך געזעגענען.

איין מאָל — דאָס ערשטע מאָל זיך באַגריסט — און שוין באַלד זיך געזעגענען.

איך שטיי בא מײַן בלומענטאָפּ און פאַרזעץ אַרבעס. און ער איז אויפגעוואַקסן אין בלומענטאָפּ. ער האָט שוין אַפילע פיר בלעטלעך. דאָ צוויי און דאָ צוויי. עס איז אַזוי אָנגענעם צו פאַרזעצן און ווייסן, אַז עס וועט אויפוואַקסן. מען באַגיסט. און פון וואַסער און פון ערד און פון אַ קערנדל וואַקסט ער אויף. ער איז גרין. און קליינטשיק. אַט איז גאָרנישט געווען, און אַט איז דאָ.

איך שטיי און האַלט אַ בילד-קאַרטל: ווי עס שטייט אַ מאַלעך מיט פליגל, און צוויי קינדער געפינען זיך בא אַן אָפּגרונט. איבער אַ טהאָם. זיי האָבן זיך אײַנגעבויגן איבערן אָפּגרונט און רײַסן אָפּ בלימעלעך. און דער מאַלעך היט, זיי זאָלן נישט אַרײַנפאַלן אין דאָזיקן אומענדלעכן טהאָם.

מיט מאַריכנען איז געקומען די פרעמדע מומע. זי זע איך דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן. זי איז עפּעס אַ ווײַטע קרויווע.

און איך טראַכט:

— אויב מאַריכנא וועט אָנהייבן מיט דיר צו ריידן, וועל איך איר געבן צום אָנדענק דאָס קאַרטל. און אויב נישט, איז נישט.

איך האָב עס געקויפט פאַר מאַריכנאס וועגן, וואָרום איך האָב גע־ווּסט, אַז זי וועט קומען, איך האָב נאָר מוירע געהאַט, טאָמער וועל איך דעמאָלט זײַן אין שול.

איך קום באַלד צולויפן אַהיים פון שול — אַזוי יעדן טאָג. מונדעק פרעגט:

— וואָס אײַלסטו דיך אַזוי?

די מאַמע וווּנדערט זיך:

— צי די שול ענדיקט זיך איצט פריער?

איך זאָג גאָרנישט. נו, וואָרום וואָס וועל איך זיי זאָגן?

און מאַריכנא האָט אַ ווײַס פלושן היטעלע און פונקט אַזאַ קעלנערל און געקרײַזלטע האָר.

איר מאַמע שמועסט מיט מײַן מאַמען — עפּעס וועגן באַקאַנטע אין ווילנע.

זי זאָגט גאָרנישט.

וואָרום דער דאָזיקער מומען פון ווילנע האָב איך גיך אַ קוש געטאָן אין האַנט און בין צוריק צו מײַן בלומענטאָפּ.

און זי איז געבליבן שטיין אָנגעלענט אָן איר מאַמען.

און איך האָב אַרויסגענומען דאָס קאַרטל פון ביכל. דאָס קאַרטל מיטן מאַלעכל.

און זי, מאַריכנאַ, איז באַלד, אַט אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, צוגע־גאַנגען גיך צו מיר. אין אײַלעניש, ווי זי וואָלט צוגעלאָפן. און איך גיב אַף גיך אַ לייג אַרײַן דאָס קאַרטל צוריק אין ביכל און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אַוואַדע רויט, ווײַל איך האָב מיך נאָך מער פאַרשעמט.

זי איז געבליבן שטיין, זיך פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט דער מופקע פון דעם זעלבן פּלוש, און איך האָב אַ שמייכל געטאָן. און זי אויך. און איך האָב מיך אויסגעדרייט, קלוימערשט איך קוק אַפן בלומענטאָפּ.

און אירענקע קומט צולויפן און ווײַזט איר די ליאַלקע. אירענקע זאָגט:

— גיב אַ קוק, זי האָט שיכעלעך.

איך האָב מיך ווידער אויסגעדרייט. און מאַריכנאַ האָט גענומען די ליאַלקע און פרעגט:

— זי פאַרמאַכט די אויגן?

און איך:

— ניין. קליינע ליאַלקעס פאַרמאַכן נישט.

מאַריכנאַ איז שוין צוגעקומען גאָר נאָענט און זאָגט, אַז קליינע קע־נען אויך פאַרמאַכן. בלויז גאָר קליינע — נישט.

און דערנאָך זאָגט זי:

— איך פאָר שוין.

איך האָב מיך דערשראָקן, אַז אַט שוין באַלד, און גיך אַרויסגענומען דאָס קאַרטל מיטן מאַלעכל, וואָרום איך האָב מיך דערשראָקן, אַז איך וועל נישט באַוויַיזן. אַז איך וועל עס איר שוין נישט קענען געבן.

איך ווײַז. און:

— ס'איז שיין?

זי האָט שטיל געזאָגט:

— שיין.

זאָג איך שוין גאָר שטיל:

— עפּשער ווילסטו?

איך האָב נישט געוואָלט, אַז אירענקע זאָל זען. וואָרום קליינע קינ־דער האָבן ליב זיך אַרײַנצומישן. און זי קאָן עפּעס אַ זאָג טאָן אַפן קאָל.

אָבער די מאַמע מיט דער מומען האָבן געשמועסט און זיי ווייסן גאָרנישט.

מאַריכנאַ זאָגט:

— שרײַב אָן, אַז עס איז צום אָנדענק.

אַזוי בעטנדיק האָט זי עס געזאָגט און געקוקט, צי איך באַשטיי.

עס איז גראָד גוט אויסגעקומען. וואָרום איך האָב באַלד גיך אָנ־געשריבן:

„אַן אָנדענק פון ווארשע".

און איך האָב צוגעלייגט דאָס לעש־פּאַפּיר.

און מאַריכנאַ:

— אוי, וועסט נאָך פאַרשמירן.

און איך:

— זע, עס האָט זיך גאָרנישט פאַרשמירט.

איך האָב געזאָגט: „זע". — דאָס הייסט, אַז איך האָב איר געזאָגט „דו".

אָבער די „א" האָט זיך אַביסל פאַרשמירט.

זי זאָגט:

— ס'שאַדט נישט.

און שפּעטער:

— שרײַבסט זייער שיין.

און דערנאָך:

— שרײַב־אויף פאַר ווען און פון וועמען.

— צוואָס?

מאַריכנאַ האָט אַ טראַכט געטאָן, דעם קאָפּ אויסגעבויגן אין אַ זײַט און זאָגט:

— עמעס.

אָבער איך האָב אָנגעשריבן:

„פאַר מאַריכנען פון ווילנע".

און איך האָב עס אײַנגעוויקלט אין אַ זילבער-פּאַפּיר פון טשעקאָ־לאַדע. — וואָרום איך האָב אַלצדינג געהאַט צוגעגרייט.

אָבער איך זע, אַז עס גלאַנצט צופיל, האָב איך אַרויסגעריסן אַ בלעטל פון העפט און נאָכאַמאָל אַרומגעוויקלט.

און זי:

אָאָאָ, דו רײַסט אויס אַ בלעטל.

איך זאָג:

— ס'איז גאָרנישט.

און די מאַמע זאָגט:

— טוט אויס די מאַנטלען.

און איר מאַמע:

— ניין, מיר מוזן באַלד גיין.

מאַריכנא האָט גענומען דאָס קאַרטל אײַנגעוויקלטערהייט און אַרײַנ־געלייגט אין דער מופקע און פרעגט:

וואָס פאַר אַן אָס האָסטו בעסער ליב צו שרײַבן?

איך זאָג:

— אַ גרויסע R.

— און איך אַ גרויסע W. גיב פּאַפּיר, וועל איך דיר אָנשרײַבן. אָבער מיט אַ בלײַפעדער. לאָמיר זען, ווער עס שרײַבט שענער. און זי האָט אָנ־געשריבן. און איך אויך. אָבער איך פלײַס מיך נישט. קעדיי באַ איר זאָל אַרויסקומען שענער.

און זי זאָגט:

— נו, וועמעס איז שענער?

זי לאַכט, און האָט אַזעלכע גלײַכע צײנדלעך, ווײַסע.

און זאָגט:

— אַפּן קאַרטל האָסטו שענער אָנגעשריבן.

איך האָב מיך פאַררויטלט און זאָג:

— אַמאָל געראָט, און אַמאָל נישט.

מיר האָבן געשריבן: וואַרשע, ווילנע — פאַרשיידענע ווערטער, דער־נאָך ציפערן.

— איך האָב זייער נישט ליב צו שרײַבן אַן אכט — זאָגט זי — עס קומט טאָמיד אַרויס עפּעס פאַרקרימט.

און איך:

— נו, יאָ. אַן אכט גערעכט זעלטן. נו, און מאַריכנען איז שווער צו שרײַבן אין פּאַלטאָ.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מאַמען און זאָגט:

— אויסטאָן עפּשער, אָדער ווי.

אָבער זיי דאַרפן שוין גיין.

זי, מאַריכנאַ, וויל צערײַסן דאָס בלעטל, אָבער איך האָב נישט געלאָזט.

— צו וואָס דאַרפסטו עס?

— זאָל עס זײַן.

— צו וואָס?

איך האָב געזאָגט שטיל:

— אויף אַן אָנדענק.

— אַאַאַ, וואָס פאַר אַן אָנדענק איז דאָס, איך וועל דיר שיקן פון ווילנע אַ שיין קאַרטל.

אָבער זי האָט עס איבערגעלאָזט.

און איך האָב איר געוויזן דעם בלומענטאָפּ. — ווען זי זאָל וועלן נעמען. אָבער ווי וועט זי זיך אַרומפירן מיט אַ בלומענטאָפּ.

און מאַריכנאַ האָט יעדער בלעטעלע אַ גלעט געטאָן מיטן פינגער.

און איר מאַמע זאָגט:

— נו, מיר גייען.

און זי הייבט זיך אויף. און מאַריכנאַ איז שנעל צו צו איר מאַמען. מיר האָבן שוין מער נישט געשמועסט. איך בין געבליבן שטיין באַם בלומענטאָפּ. און זיי האָבן נאָך לאַנג געשמועסט אַזוי שטייענדיק. און עפּשער נישט לאַנג, נאָר איך האָב שוין געוואָלט, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין.

איך האָב מוירע פאַרן געזעגענען.

און אָט איז טאַטע:

נו, קינדער, געזעגנט זיך.

איך האָב מיך נאָך מער אַוועקגעדרייט.

— נו וואָס, איר וועט זיך נישט געזעגענען? עפשער האָט איר זיך שוין צעקריגט? איר וועט זיך נישט צעקושן צום געזעגענען?

מאַריכנאַ זאָגט:

— איך קוש מיך נישט מיט יינגלעך.

— אוי דו, דו — זאָגט מיין מאַמע. — און וועסט אונדז נישט זינגען עפּעס צום געזעגענען?

— איך קען זינגען.

— וועסט שוין זינגען, ווען מיר וועלן נאָכאַמאָל קומען צו פאָרן. אַצינד וועסטו דיר דעם האַלדז צעוואַרעמען.

מאַריכנאַ האָט זיך צעקושט מיט דער מאַמען און אירענקען, און מיר האָט זי בלויז דערלאַנגט די האַנט. און אַזוי שטאָלץ. זי האָט אַפילע קיין שמייכל נישט געטאָן. אין דער הענטשקע.

און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען.

און די מאַמע:

— ביסט אַ גוילעם. מאַריכנאַ איז אַ ווויל מיידל. און דו קענסט קיין צוויי נישט ציילן.

איך בין דאַנקבאַר אירענקען.

איך האָב איר אַ קוש געטאָן — איך האָב זי צוגעטוליעט צו מיר און איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ.

— ביסט געווען זייער העפלעך, אירענקע, — האָב איך געזאָגט.

און איך הייב אָן מאַכן די לעקציעס.

און עס איז מיר אַזוי גוט — שטיל. און עס איז אַזוי גוט געראָטן מיטן קאַרטל. עס איז שיין. וואָרום טכילעס האָב איך געוואָלט קויפן מיט בלומען, דערנאָך אַ פּייזאַזש: אַ וואַלד, און נעבן וואַלד אַ שטיבל און דערנעבן שטייט אַ פערד. עס זיינען געווען נאָך צוויי שיינע, אָבער איינס מיט אַן אויפשריפט: „ווונטשן צום געבורטסטאָג". אָבער מיטן מאַלעך איז דאָס שענסטע. וואָרום עס איז דאָ בערג און אַן אָפּגרונט און בלומען און דער מאַלעך היט.

עס האָט אַ מיעסן נאָמען: מאַלעך־וועכטער. עס וואָלט באַדאַרפט הייסן אַנדערש: „באַשיצער" — אָדער ווייס איך ווי.

אויב איך וועל האָבן געלט, וועל איך מיר קויפן פּונקט אַזאַ קאַרטל.

וואָרום מאַריכנא וועט אַוואַדע גאָרנישט שיקן — זי וועט פאַרגעסן — ווען זי וועט צוריקקומען דאָרט קיין ווילנע.

איך שרײַב־איבער אַ פּערז אַף מאָרגן. דערנעבן ליגט אירענקעס ליאַלקע. פון דער דאָזיקער ליאַלקע האָט זיך דאָך אַלצדינג אָנגעהויבן. און דער בלומענטאָפּ מיט די פיר בלעטלעך. ווען עס וועט שפּעטער אָנהייבן וואַקסן אינדערהייך, וועלן אַרויף־צו אַרויסוואַקסן נײַע בלעטלעך, און די פיר וועלן בלײַבן אונטן. און זיי וועלן אַוואַדע די ערשטע אַראָפּפאַלן. צי זאָל איך וואַרטן, ביז זיי וועלן געל ווערן און אַליין אַראָפּפאַלן, אָדער אָפּרײַסן זיי גרינערהייט און אויסטריקענען אַף אַן אָנדענק? אַצינד ווייס איך נאָך נישט.

איך שרײַב־איבער אַ פּערז אַף מאָרגן. איך שרײַב זייער זאָרגפעלטיק. איין גרויסע W איז געווען אין דעם דאָזיקן שטיקל. איך האָב מיך באַמיט זי אויפצושרײַבן זייער שיין. און איך ווייס נישט, צי די גרויבע R, אָדער די גרויסע W איז שענער און אָנגענעמער צו שרײַבן.

און איך קוק מיר אַזוי אַף דעם בלעטל, אַף וועלכן מיר האָבן געשריבן אויסיעס.

מיילע, פאַרפאַלן: איך האָב זי ליב און וועל זי שוין מער נישט זען. מיר איז בלויז געבליבן דאָס פּאַפּיר מיט די אויסיעס און פיר בלעטלעך פון אַרבעס. און עפּשער וועט זי יאָ שרײַבן? אָדער עפּשער וועט זי זיך מיר כאַלעמען? אָדער איך וועל עפּשער זען אַן ענלעך מיידעלע אַף דער גאַס? אַזוי איז דאָך אויך מיט ראַבטשיקן געווען.

זיי זײַנען נישט פרײַנטלעך, די מיידלעך. שטאָלץ, קריגעריש און גרויסהאַלטערקעס. זיי האָבן ליב צו מאַכן דעם אָנשטעל. אַז קלוימערשט זײַנען זיי שוין דערוואַקסענע און אַז די יינגלעך זײַנען בלויז שאָלטיקעס.

און זיי מײַדן אונדז אויס, אָבער עס ציט זיי, — נאָר קלוימערשט טוען זיי אונדז אַ טויווע.

און אויב איינע שפּילט זיך שוין יאָ גערן מיט אונדז, איז זי ערגער ווי מיר: וואָרום אי זי איז אַ שאָלטיק און האָט נאָך דערצו אַנדערע מיידלשע שטיק.

נו יאָ.

פאַראַן טייל איידעלערע. וואָרום דאָס קליידל, דאָס שלייפל, די

קרעלן, און די פארשיידענע באפוצונגען — זעט אוים שיין. ווען אף א
יינגל, וואלט עס געווען לעכערלעך. ווארום ס'איז פאראן אויך יינגלעך
מיט לאנגע האר. אזוי ליאלקעלעך. צי שעמען זיי זיך גארנישט? נו יא.

אבער פארוואס דארפן מיר פאר זיי אפטרעטן? אז א מיידל — טאר
מען שוין נישט א קלאפ טאן, אדער א שטופ טאן. באלד וועט מען זאגן:

— א מיידל.

אט דאס שאפט אין אונדז פארדרוס און נישט ניכבעדיקייט. און
אפילו פיינטלעכקייט.

אויב אין א שול לערנען זיך צוזאמען יינגלעך מיט מיידלעך, און א
יינגל פארקלאגט זיך פאר דער לערערן, זאגט מען באלד:

— דו, א יינגל, און קאנסט דיר נישט קיין אייצע געבן מיט א
מיידל.

אויב יא אזוי, גיב איך מיר שוין אפן אנדערן טאג אן אייצע. איז
ווידער אן אוואנטורע. און מען ווייסט נישט, וואס מען דארף אף אן עמעס
טאן.

ווען די דערוואקסענע זאלן נישט קעסיידער דערמאנען, אז דאס איז
א יינגל, און דאס איז א מיידל, וואלטן מיר זיכער פארגעסן. אבער זיי
לאזן דען פארגעסן. קלוימערשט זאגן זיי, אז עס איז נישט קיין כילעק,
דערווייל אבער קומט אוים פארקערט.

עס איז מיר נישט ניכע, וואס איך מוז אזוי טראכטן, אבער וואס
קען איך מאכן. איך קאן נישט זאגן קיין ליגן. מאריכנא איז דאך נישט
שולדיק. און עפשער איז אזוי בלויז אין ווארשע?

אבער זי האט מיר געשריבן. טאקע געשריבן. זי האט געהאלטן
ווארט. זי האט געשיקט א בילד־קארטל פון דער אסטראבראמא און
אן אדרעס און א פאסטמארקע און אלצדינג. זי האט זיך נישט געשעמט
שרייבן צו א יינגל.

זי איז א דרייסטע.

און שעמט זיך נישט צו זינגען און די ערשטע געזאגט, אז זי וועט
טאנצן.

און זי האט טאקע אנגעשריבן.

און איך האלט איר בריוו צוזאמען מיטן בלעטל און די ארבעס־
בלעטלעך. איין בלעטלע האט זיך צעבראכן.

מיר האָבן געמאַכט אַן אויספלוג. נישט מיט דער באַן, נאָר דורך דער בריק צום פּאַרק. עס איז געווען אָנגענעם.

מיר האָבן געוואָלט גיין זאַלבעפערט אינמיטן גאַס, נישט שטופּן זיך פאָרוויַיז, מען זאָל אונדז שטויסן. אָבער די לערערן האָט נישט דערלויבט. און זי איז גערעכט. וואָרום באַלד וועט מען איבעררייַסן די רייען און עס וועט אַרויסקומען אַ צעמישעניש. איינער וועט שטויסן פון הינטן, די פון פאָרנט וועלן קריכן, איינער רעכטס, איינער לינקס. אַפילו פאָרוויַיז גייען זיי נישט, אַז עס זאָלן אויסקומען גלײַכע דיסטאַנצן און מיטן גלײַכן פוס.

עס איז געווען גוט. צוויי וועגענער און אַן אויטאָמאָביל האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ווען מיר זייַנען דורכגעגאַנגען איבער דער גאַס.

עס טוט עפּעס אַ האַנאָע, אַז אויך מיר זייַנען עפּעס, אַז זיי מוזן זיך אָפּשטעלן.

איך גיי מיט מונדעקן אין אַ פּאָר. עס איז זייער וויכטיק אויסצוקלויבן אַ גוטע פּאָר און צו וויסן, ווער עס גייט פאַר מיר, ווער הינטער מיר.

צום שענסטן איז געווען אויף דער בריק, וואָרום דאָס וואַסער איז פאַרפרוירן געוואָרן.

— פאַראַן אַזעלכע, וואָס באָדן זיך אין אַן אייַז-לאָך.

— און דו וואָלסט נישט קיין מוירע געהאַט?

— פאַרוואָס?

— נו, ווייַל עס איז קאַלט.

— טאָ איז וואָס, אַז קאַלט?

עס איז דאָך אָנגענעם זיך אויסצופּרוּוון, אָדער וויַיזן, אַז מען האָט נישט מוירע.

— פון וואַסער קאָן ווערן אייַז אָדער דאַמף.

— מאָדנע!

— און דאָס איז נישט מאָדנע, וואָס אַ פליג קאָן גיין אויף דער וואַנט, און אַ פיש אָטעמט אין וואַסער.

— אָדער אַ זשאַבע. זי ווערט באַשאַפן פון אַ ברעקעלע און פאַרטיק.

און אזוי האָבן מיר זיך פאַרטראַכט. ווער האָט דאָס אַלצדינג געקאָנט מאַכן? וואָרום אויב עס זאָל נישט זײַן קיין גאָט, טאָ ווער?

און איך שמועס מיט מונדעקן, אַז קלוימערשט האָבן מיר אַ שיפֿל, מיר נעמען ברויט, קעז, עפּל — און מיר פֿאָרן קיין דאַנציק. מיר שווי־מען דורך פֿאַרשיידענע נעבן־טײַכן פֿון דער ווײַסל, פֿאַרבײַ פֿלאַכערטער און הויכקייטן, פֿאַרבײַ פֿאַרשיידענע היסטאָרישע שטעט.

מיר שמועסן אזוי אין שפּאַס, אָבער עס איז ווי אַ לעקציע, ווי אַ מין עקזאַמען.

אַ גוטע זאַך די שול. זי דערמעגלעכט צו פֿאַרטראַכטן זיך וועגן פֿאַר־שיידענע זאַכן. איין זאַך דערוויס איך זיך פֿון געאָגראַפֿיע, אַ צווייטע זאַך פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט, פֿון געשיכטע, און דו ווייסט גאָר אַליין נישט, ווי דאָס אַלץ קומט צונויף באַם טראַכטן.

— קיין דאַנציק, צי קיין קראָקע?

— עעע, וואַסער אַרויף איז שווער.

— נו, איז מיט אַ מאָטאָר־שיפֿל.

יעדע שול וואָלט געמעגט האָבן אַ שאַלופּע. זי וואָלט געשטאַנען אין פּאָרט, און מיר וואָלטן געשטאַנען אויף דער וואַך. יעדן טאָג אַנדערע פיר, לויט דער ריי: באַטאָג און באַנאַכט. און ווי נאָר די ווײַסל רירט, וויקלט מען פֿונאַנדער די זעגלען, און מען לאָזט זיך אין וועג אַרײַן.

איין קלאַס אַ וואָך, די אַנדערע אַ וואָך. און לויט דער ריי: אין דער קאַיוטע, בײַ די זעגלען, באַם רודער.

מיר ווייסן שוין אַליין נישט, צי דאָס דאַרף זײַן אַ זעגל־שיף, צי אַ מאָטאָר־שיפֿל, אַ באַרקע, אָדער עפּשער גאָר אַ טראַטווע.

און די זון גלאַנצט שוין אויפֿן שניי.

און אין פּאַרק איז ווײַסינקע.

מיר שפּילן אין יאָגעניש. טייל ווילן אַזש אויסטאָן די מאַנטלען. די לערערן דערלויבט נישט. אַז מען לויפֿט, ווערט דאָך וואַרעם. אויפֿן הויף שפּילן מיר זיך דאָך אָן מאַנטלען?

מיר שטייען נישט צו, וואָרום מיר ווילן נישט, אַז די לערערן זאָל שרײַען. דאָס ערגסטע איז בייזערן זיך, ווען מען וויל, עס זאָל זײַן אָנגע־נעם.

די לערערן וועט אָנשרײַען אויף איינעם, וועט שוין אַלעמען זײַן נישט

ניכע. בא דערוואקסענע טרעפט זעלטן אז אוואנטורע בעייסן פארווײַלן. און בא אונדז גאר אפט. עס געפינט זיך שוין טאמיד אזעלכער.

אזוי הײַנט מאליצקי. די לערערן האט אים געהייסן גיין צוזאמען מיט רודזקין. האט ער טכילעס נישט געוואלט, ווײַל זיי האבן זיך נישט ליב. און יענער האט אים דעם גאנצן וועג געשטופט. די לערערן איז אין קאס געווארן, ווײַל מיר גייען ווי א באנדע, און אז זי וויל שוין מער נישט גיין מיט אונדז, און אז מענטשן קוקן זיך אום, און אז עס איז א בארפע. און מאליצקי קריכט אף צולאכעס ארונטער אונטער א דראזשקע, און די לערערן האט מוירע, אז מען וועט אים איבערפארן. אבער ער גייט דאך יעדן טאג אליין הין און צוריק פון שול, און קיינער היט אים נישט. טא זאל ער זיך איצט גיין אליין. אבער איך וויים, אז מען קאן נישט, ווארום אז מען וועט איינעם דערלויבן, וועלן באלד אלע זיך צעקריכן.

און אין פארק האט מען זיך נישט באלד צונויפגעזאמלט, מען האט געמוזט טרײַבן אהיים. אז מען איז שוין געגאנגען א שטיק וועג, האבן מיר געוואלט לענגער בלײַבן. עס איז געווען שיין, און עס גלוסט זיך נישט אהיימצוגיין. און עס איז געווען אזוי: טייל האבן געפאלגט און שטעלן זיך אוים. אבער אז מען זעט, עס פעלט צו דער פאר, ווערט לאנגווײַליק צו שטיין אליין, און מען גייט אויפזוכן. זעט מען, אז אנדערע שפילן זיך, און בא זיי ווערן געפרוירן די פים. ווערט מען אומגעדולדיק.

— לאמיר שוין גיין.

זיי באדויערן, וואס זיי האבן געפאלגט און זיך באלד אויסגעשטעלט. יענע לויפן, און זיי מוזן קוקן, ווי די לערערן רעגט זיך אויף.

זיי שטייען, שטייען, און שארן זיך ווידער אוועק. און יענע ווידער זעען, אז עס האבן זיך נאך ווייניק צונויפגעזאמלט, אײַלן זיי זיך נישט. יעדער וויל זײַן דער לעצטער, קעדיי נישט צו ווארטן.

איך וואלט מיר נישט אפגעגעסן דאס הארץ. ווען די לערערן וואלט באלד אנגעהויבן צו גיין, ווען אפילע מיט דריי פארן, וואלטן די אנדערע געמוזט דעריאגן, און ביסלעכווײַז וואלטן זיי זיך צונויפגעקומען. עפשער וואלט עמעצער געזאגט:

— זאלן זיי גיין. איך וועל אליין טרעפן אהיים.

ער וואלט אבער מוירע געהאט צו בלײַבן אליין, ווײַל ער וועט קריגן

א שטראָף און ער וואָלט אויך געמוזט דערריאַגן. און אויב נישט, איז ער דאָך איינער. מען טאָר זיך נישט צוליב דעם בייזערן אַף אַלע.

ווען די דערוואַקסענע זאָלן אונדז פרעגן, וואָלטן מיר נישט איינמאָל געגעבן אַ גוטע אייצע. מיר ווייסן דאָך בעסער, וואָס אונדז פעלט, מיר האָבן דאָך מער צײַט, קעדיי זיך צוצוקוקן און צו טראַכטן וועגן זיך, מיר קענען דאָך זיך בעסער, מיר זײַנען מער צוזאַמען. איין קינד קאָן עפשער קיין סאַך נישט ווייסן, אָבער צווישן אַ גאַנצן אוילעם וועט זיך שוין געפינען עמעצער, וואָס פאַרשטייט בעסער.

מיר זײַנען מייווינים אַף אונדזער לעבן און אונדזערע אייסאָקים. מיר שווײַגן בלויז דערפאַר, ווײַל מיר ווייסן נישט, וואָס מען מעג זאָגן, און וואָס נישט. מיר האָבן מוירע נישט נאָר פאַר די דערוואַקסענע, נאָר נאָך מער פאַר אונדזערע כאַווײרים, וואָס ווילן נישט קיין איינפאַרשטענדיקונג, ווילן נישט קיין אָרדענונג, זיי ווילן ליבער אין דעם מוטנע וואַסער פון מאַכלויקעס און אומצופרידנקייט כאַפּן פיש פון אייגננוציקייט.

ווען איך זאָל זײַן אַ דערוואַקסענער, וואָלט איך געזאָגט:

— אַנאַרכיע און דעמאַגאָגיע.

וואָרום וואָס איז דאָס פאַר אַ סאָלידאַרישקייט! יעדער איינער האָט זיך איינעם, וועמען ער האָט זייער ליב, עטלעכע, וואָס זײַנען אים ליב, עטלעכע, וואָס זײַנען אים נישט ליב, אָדער גלײַכגילטיק און עטלעכע סאָנים.

עפשער טרעפט זיך איינער אָן אויסנאַם, וואָס אַלע האָבן אים ליב, אָדער ער האָט אַלע ליב. אָבער ס׳ראָוו האָט מען בלויז מוירע. ווער עס איז שטאַרק, קאָן באַלעבאַטעווען און טאָן, וואָס ער וויל. אָדער עס געפינט זיך אַזעלכער, וועמען די לערערן אָדער דער לערער האָט ליב.

אַפן צוריקוועגס פון שפּאַציר האָב איך דערציילט מונדעקן וועגן מאַריכנען פון ווילנע.

— ווייסט, מונדעק, איך האָב געקריגן פון ווילנע אַ קאַרטל. בלומען. פאַרגעס־מיך־נישט־בלימלעך. זייער אַ שיין קאַרטל.

און דערנאָך:

— פון איינער אַ מיידל.

איך האָב געזאָגט, ווי זי הייסט און אין וועלכער אָפּטיילונג זי לערנט.

— אָבער געדענק, אַז דאָס איז אַ סאָד.

איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב מיט איר געטאַנצט אַפֿן גע־בורטסטאָג־יאָנטעוו און אַז זי זינגט שיין.

און אַז זי האָט טונקעלע האָר.

— זעסטו, מונדעק, און דו ביסט דעמאָלט אין כּעס געווען, וואָס איך האָב באַנטשקעוויטשן פֿריער דערציילט וועגן ראַבטשיקן. איך האָב דאָך געמוזט, ווײַל ער האָט מיר נישט געוואָלט באָרגן. און דעמאָלט האָב איך נאָך דיך נישט געקענט אַזוי גוט.

איז האָבן מיר זיך אָנגענומען פֿאַר די הענט און מיר זײַנען שוין אַזוי געגאַנגען. און ער זאָגט, אַז אים געפֿעלט אויך איינע אַ מיידל.

— ווײַל זי איז שטענדיק טרויעריק.

— און מײַן מאַריכנאַ מוז זײַן אַ פֿריילעכע.

אויף דער בריק האָבן מיר שוין גאָרנישט גערעדט. ערשט שפּעטער.

— צי דו ביסט נישט אין כּעס, וואָס איך האָב דעמאָלט געזאָגט אויף דײַן פֿאָטער?

איך האָב געמיינט, אַז ער וועט נישט דערהערן, ווײַל גראָד איז פֿאַר־בײַגעפֿאָרן אַ לאַסט־אויטאָמאָביל, אַ מיליטערישער אויטאָמאָביל — אַ שווערער. די קייטן האָבן אַזוי געבראַזגעט. עס זײַנען אויף אים געזעסן דרײַ זעלנער, און דער שאָפֿער איז געווען ציוויל אָנגעטאָן. איך ווייס נישט פֿאַרוואָס. און איין זעלנער האָט געהאַלטן אַ הונט. און דער הונט האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די לאַפּעס אָן דעם געלענדער, און דער קאָפּ האָט זיך אים אונטערגעטרייסלט. ער האָט געהאַט אַזאַ צעשראָקענע מינע.

אָבער מונדעק האָט דערהערט.

— איך בין נישט אין כּעס, — זאָגט ער, אָבער דו רייד נישט אַזוי, וואָרום ס'איז אומאָנגענעם. דאַכט זיך, דער טאַטע מעג זײַן כ'ווייס וואָס, נו און אַלע ווייסן דאָך, וואָס ער איז. אָבער ס'איז נישט אָנגענעם, אַז עמעצער זאָגט עס.

— איך האָב דיר נישט געוואָלט אָנטאָן קיין אגמאַס־נפֿש — זאָג איך, — עס האָט זיך מיר בלויז אַרויסגעכאַפּט.

— איך ווייס דאָך אַליין, — זאָגט מונדעק.

נו איצט בין איך שוין צוריק כאַווער מיט מונדעקן. דאָס קאַרטל וועל איך אים אויך ברענגען צו ווײַזן.

מיר האָבן זיך איבערגעבעטן פאַר יענער זאַך, איך האָב אים געזאָגט אַ סאַד, ער זאָל נישט מיינען, אַז בלויז וועגן אים וויל איך אַלצדינג וויסן. און איך וועל אים אַוואַדע בעטן, ער זאָל צו מיר קומען אַהיים.

ווי לעכערלעך די דערוואַקסענע הייסן איבערבעטן. האָסט ערשט עפּעס אָפּגעטאָן, און באַלד:

— גיי, בעט איבער.

זייַט רויִק. אויב איך וויים, אַז איך בין אומגערעכט, וועל איך איבערבעטן, אָבער שפּעטער. איך וועל מיר שוין אויסקלויבן אַזאַ מינוט, ווען מען קאָן דאָס טאָן. וואָרום אַנישט, קומט עס אַרויס ליגן און פאַלשקייט.

און מאַריכנאַ האָט אַזוי קאָמיש געשריבן:

„ליבער קוזין.

איך בין אין ווילנע און איך גיי נישט אין שול. איך בין געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט און האָב מיך פאַרקילט און געהאַט היץ. איך קוש דיך 1.000.000.000 מאָל. דייַן דיך ליבנדיקע מאַריאַ.

איך שעם מיך דאָס דאָזיקע קאַרטל צו ווייַזן מונדעקן.

די לערערן האָט געהייסן באַשרייַבן דעם שפּאַציר אין פּאַרק. די באַשרייַבונג דאַרף האָבן פיר טיילן. דער וועג צום פּאַרק, דאָס פאַרווייַלן אין פּאַרק, דער צוריקקער — און אַ שלום.

די לערערן האָט מיך געלויבט, אַז ס'איז גוט.

איך האָב אָנגעשריבן:

„עס איז געווען אַ שיין וועטער, און די לערערן האָט גענומען אונדזער קלאַס אויף אַ שפּאַציר. מיר זייַנען געגאַנגען דורך פאַרשיידענע גאַסן. פון ביידע זייַטן גאַס דערהייבן זיך הויכע הייַזער, און אינמיטן איז געווען די גאַסן־באַוועגונג. איבער די שינעס פאָרן טראַמווייַען, און נישט אויף שינעס פאָרן טאַקסים, דראָזשקעס, וועגענער אוקעדרוימע. די דורכגייער גייען פאַרבייַ, און אויף די ראָגעס שטייען מיליציאַנטן.

אין פּאַרק האָבן מיר זיך געשפּילט אין פאַרשיידענע שפּילן. דער פּאַרק איז באַדעקט מיט שניי. די ביימער זייַנען נאַקעט, וואָרום זיי האָבן נישט קיין בלעטער. זייערע שפּיצן שטייַגן אינדערהויך. דער פּאַרק האָט נישט קיין היסטאָרישע דענקמעלער, בלויז אין זומער וואַקסט גראָז. די קוסטעס זייַנען באַדעקט מיט זאַפטיקע בלעטער.

און אַפֿן צוריקוועגס זײַנען מיר ווידער געגאַנגען דורך דער אײַזער־נער בריק. מיר האָבן געקוקט אַפֿן אײַז. און מיר זײַנען דעם גאַנצן וועג געגאַנגען פֿאַרווײַז.

דער אויספֿלוג אין פּאַרק איז געווען זייער אָנגענעם, וואָרום די זון האָט די גאַנצע צײַט געשײַנט און אין פּאַרק האָבן מיר זיך געשפּילט אין פֿאַרשיידענע שפּילן."

עס איז אָנגענעם צו מאַכן די קאָמפּאָזיציעס, וואָרום מען שרײַבט קיינמאָל נישט דעם עמעס, מען שרײַבט נאָר, ווײַל מען האָט געהייסן אין שול.

מאַריכנאַ האָט זיך פֿאַרקילט און איז געווען קראַנק. און זי האָט געקענט שטאַרק קראַנק זײַן, און איך האָב גאָרנישט געוווּסט. און זי האָט געקענט שטאַרבן, וואָרום קינדער שטאַרבן אויך. איך פֿריי מיך קלויז־מערשט, וואָס איך האָב אַ קאַרטל, אָבער אינדערעמעסן בין איך אומ־רויִק.

און צו וואָס איז זי דאָ געקומען אַהער צו פֿאָרן?

איך האָב בלויז אַמאָל געהערט, אַז איך האָב אין ווילנע אַ מומע, עפּשער האָב איך אויך געהערט, אַז זי האָט קינדער, עפּשער האָט מען אויך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מיידעלע — מאַריכנאַ. און אָט האָב איך זי אַליין געזען.

און צו וואָס?

וואָס גייט זי מיך אייגנטלעך אָן?

בלויז אַ ווײַטע קרויווע, עפּעס אַ קוזינקע.

ווען נישט דער פֿעטער, וואָלט איך מיט איר אַפֿילע נישט געווען גערעדט, ווען זי זאָל געווען קומען זיך געזעגענען, בעיים איך בין גע־ווען אין שול, וואָלט איך זי שוין מער נישט געווען געזען.

עפּשער צערײַסן דאָס קאַרטל און מאַכן אַ סאָף?

צו וואָס זיך פּײַניקן? צו וואָס טראַכטן, צי איז זי געזונט, צי איז מיט איר עפּעס קיין בייז נישט געשען.

און סײַ ווי סײַ וועל איך איר נישט צוריקשרײַבן, ווײַל איך האָב נישט קיין געלט.

און דאַווקע האָב איך יאָ געקריגן.

— נאַדיר, שאָלטיק, — האָט דער טאַטע געזאָגט, און מיר געגעבן אַ גילדן. קויף דיר, וואָס דו באַדאַרפֿסט, אָדער גיי אין קינאָ.

און די מאַמע:

— אוי, גיב נישט דעם יינגל קיין געלט, ווײַל ער וועט ווערן צעלאָזן.

און איך האָב גענומען עפּעס אַזוי נאַריש, אומגעשיקט. אַזוי אומגעריכט איז עס געשען.

וואָרום דער טאַטע האָט געציילט געלט, ער האָט אָפּגעציילט 31 צי 41, — אַזוי אַז איין גילדן מער צו אַ גלײַכן רעכענונג. איך בין גראָד געשטאַנען, האָט ער אים מיר געגעבן. אומגעריכט.

ווען איך האָב שוין געהאַט צוגענומען, איז מיר אַ ראַכמאָנעס געוואָרן אַפֿן טאַטן. ער האָט דאָך נישט צופֿיל, און די קינדער קאָסטן אַ סאַך. אָנשטאָט זיך עפּעס צו קויפֿן, מוז ער קויפֿן פֿאַר אונדז, דאָ אַ מאַנטל, דאָ שיך, עסן און שול און אַלצדינג. אָבער פֿון דעם אַלעם האָט ער בלויז פֿאַרדרוס און אַגמאַס נעפֿעש, ווען איך פֿיר מיך שלעכט.

ווען איך האָב געוואָלט זײַן אַ קינד, האָב איך אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז איך וועל נישט פֿאַרדינען פֿאַר זיך, אַז איך וועל פֿאַלן צו לאַסט.

ניין, קינדער זײַנען נישט קיין אומזיסטע פּרעסער. די שול איז אַן אַרבעט. עמעס, מיר האָבן מער וואַקאַציעס, אָבער דער לערער רוט זיך אויך אָפּ. מיר אַרבעטן שווערער ווי דער לערער. וואָרום פֿאַר אונדז איז אַלצדינג שווער און ניי.

און עס הייסט, אַז קינדער טוען גאָרנישט, עסן אומזיסט ברויט.

ווען איך האָב געוואָלט זײַן אַ קינד, האָב איך אינגאַנצן פֿאַרגעסן, ווי שווער עס איז, אַז מען האָט נישט קיין אייגן געלט, ווי פֿאַרשקלאַפֿט מען איז.

צום בײַשפּיל איך האָב אַ שלעכטע ווירע. עס האָט זי מיר עמעצער אײַנגעקאַרבט. איך האָב איבערגעלאָזט אַ גאַנצע, איך קום צוריק פֿון דער פּויזע — זי איז נישטאָ. איך זוך, ביז איך האָב זי געפֿונען אַף גאָר אַן אַנדערער באַנק. אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז דער קאַנט איז אָפּגעקלאַפּט. מיט אַזאַ ווירע קאָן מען שוין נישט גלײַך צייכענען: די בלײַפֿעדער פֿאַרטשעפּעט זיך. עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס זײַנען באַשלאָגן מיט אײַזן, אָבער זיי קאָסטן טײַער. און אונדזערע זײַנען ווי אַף צולאַכעס פֿון ווייך

האָלץ. דו פאַרגעסט, טוסט אַ קלאַפּ אָן דער באַנק — מאַכט זיך באַלד אַ גריבעלע, אַ קאַרב.

וויפל פאַרשיידענע העזייקעס און פאַרלוסטן מיר האָבן, און מיר זאָגן גאָרנישט. וואָרום אַז דו וועסט זיך פאַרקלאָגן, וועט די לערערן זאָגן: — היט אָפּ.

אָבער בעיים דער פויזע טאָר מען דאָך נישט זײַן אין קלאַס און אי־בעריקנס צי קאָן מען שטענדיק ראַק היטן?

אַצינד האָב איך אַ גילדן.

אַזוי האַפּאָנעם האָט גאָט געוואָלט.

איך וועל קויפן פאַר מאַריכנאַן אַ קאַרטל. באַנטשקעווימשן וועל איך אָפּגעבן צען גראָשן, איך וועל פאַרענדיקן מיט ראַבטשיקן. איך וועל קויפן אַ ווירע, קעדיי צו האָבן אין רעזערוו. עפשער שיך־בענדלעך? קעדיי נישט צו מוזן אויסהערן דער מאַמעס טײַנעס, ווען די איצטיקע וועלן זיך מיר צערײַסן. עפשער דאַרף מונדעק עפּעס האָבן, וועל איך אים באָרגן. עס וואָלט אויך געווען גוט צו גיין אין קינאָ, אָבער ווי? גיין אַליין און נישט אויסזאָגן פאַר מונדעקן? און זאָגן, אַז איך בין געווען, וועט מונדעקן זײַן אומאָנגענעם.

אַ גילדן דאַכט זיך איז אַ סאַך געלט. אָבער אַז דו וועסט נעמען אויס־רעכענען, וועסטו זען, אַז עס וועט נישט אויסקומען אַף אַלצדינג.

און דערוואַקסענע מיינען, אַז אַ קינד איז לײַכטזיניק. נו, עס זײַנען פאַראַן: סײַ צווישן אונדז, סײַ צווישן דערוואַקסענע. פאַרוואָס גיט אויס מונדקעס טאַטע אַף בראָנפן? פאַראַן אַזעלכע, און פאַראַן אַזעלכע. איינער וועט גאַנווענען באַם טאַטן און מעכאַבעד זײַן כאַוויירים. ער וועט זאָגן, אַז ער דאַרף אַף אַ העפט, און וועט אויסגעבן אַף שאָקאָלאַד. ער וועט באָרגן און נישט אָפּגעבן. ער וועט פאַרלירן, ווײַל ער האָט אַ לאָך אין קעשענע, אָדער מיטן נאָזטיכל אַרויסוואַרפן. אָן אַנדערער ווידער וועט אויסגעבן בלויז, ווען ער וועט דאַרפן. ער וועט לאַנג זאַמלען גראָשנווײַז און קויפן אַ מאַטאָנע פאַרן טאַטן, אָדער אַף עפּעס אַ זאַך, וואָס קאָסט טײַער.

איך בין געגאַנגען מיט מונדעקן זוכן אַ שיין קאַרטל. אַ מאַלעכל האָט זי שוין, פאַרגעס־מיך־נישט בלימלעך האָט זי אַליין מיר געשיקט.

עס איז געווען איינס פון אַ יִינגל מיט אַ מיידל, אָבער איך שעם מיך, וואָרום דאָס הייסט דאָך, אַז זי און איך.

ווען מען זאָל קענען אַריינגיין אין קראָם, וואָלט געווען לייכטער. אָבער עס איז אומאָנגענעם. זיי קוקן, אַז מען זאָל עפּעס נישט צונעמען, נישט צעקנייטשן, נישט פאַרפלעקן. זיי אײַלן זיך, האָבן נישט ליב, מען זאָל צופיל באַקוקן. זיי זאָגן:

— נו, גיכער.

און מען זעט, אַז זיי ווילן, מען זאָל אַוועקגיין.

וואָרום קינדער האָבן דאָך בלויז גראָשנס, האָט מען פון זיי אַ קליי־נעם פאַרדינסט.

אַ דערוואַקסענער קויפט אויך נישט מיט איין מאָל אַ סאַך. אַ דער־וואַקסענעם דערלויבט מען דורכצוקוקן אַלע אַלבומען. וואָרום אויב ער קויפט היינט בלויז איין קאַרטל, קאָן ער מאָרגן קויפן מער. און מיר? בלויז גראָשנס און גראָשנס.

איך האָב באַלד אָפּגעגעבן באַנטשקעוויטשן. קאָלזמאַן איך האָב נישט געהאַט קיין געלט, בין איך אַפילע נישט דרייסט געווען זיך צו פרעגן.

— אַט האָסטו צען גראָשן, וואָס דו האָסט מיר געבאָרגט אױף מילך.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך שענק דיר.

— איך וויל נישט. וואָס מאַכט ראַבטשיק?

— וואָס זאָל ער מאַכן?

עפּעס ענטפערט ער מיר נישט גלײַך. עפּשער האָבן די עלטערן נישט דערלויבט, עפּשער האָט ער אים אַרויסגעוואָרפן?

— ער איז דאָ בײַ דיר?

— ווו דען זאָל ער זײַן, אַז דו האָסט אים אַוועקגעוואָרפן?

— איך האָב אים גאָרנישט אַוועקגעוואָרפן, נאָר דיר אַוועקגעגעבן.

— און אויב איך וואָלט אים נישט גענומען?

— וואָלט עפּשער אַן אַנדערער.

— און דו מיינסט, אַז מען דערלויבט אַזוי באַלד צו נעמען אַ הונט אין שטוב אַרײַן?

איך בין בייז, וואָרום ער שטייט עפּעס אַזוי אין גרויסן.

איך זאָג:

— פאַרוואָס זאָל מען עפּעס נישט דערלויבן?

— און דײַנע האָבן נישט דערלויבט.

— ווײַל איך האָב נישט געפרעגט.

איך בין בייז, וואָס אים איז אַזוי גרינג, און איך פיר ווײַטער אַן איינזאַם לעבן. וואָרום אַ הונט איז דעם מענטש אַ פרײַנט.

איך ווייס, אַז קינע איז אַ מיעס געפיל. אָבער צי קאָן מען נישט מע־קאַנע זײַן, אויב איינעם גייט גוט און ער קען אַפילע נישט אָפשאַצן?

און איך בין נייגיריק, צי ראַבטשיק וואָלט מיך דערקענט. איז באַ־האַלט איך בלויז דעם פאַרדרוס און זאָג:

און וועל איך אים קענען אַמאָל זען?

— נו, אַז דו וועסט קומען, וועל איך אים דיר ווײַזן.

— און נעמען אים אַהיים כאָטש בלויז אויף איין טאָג?

— אָאָאָ, באַלד וועסטו וועלן אַלצדינג. אַז מײַן, איז מײַן. איבע־ריקנס, דו מיינסט, אַז ער וועט אַצינד וועלן גיין צו דיר?

— פונוואַנען ווייסטו? עפשער וועט ער וועלן?

— ער האָט זיך שוין צו מיר צוגעוווינט.

— נו, טאָ האַלט אים דיר.

— אַוואַדע וועל איך אים האַלטן.

איך גיי אַוועק. וואָס וועל איך מיט אים טײַנען? ער וועט סײַ ווי סײַ נישט פאַרשטיין.

וואָרום מענטשן ריידן צווישן זיך, און יעדער פילט אַנדערש. דער־פאַר קענען זיי זיך נישט צוזאַמענריידן.

איז מיר שוין בלויז איין מונדעק געבליבן.

איך האַלט מיך שוין מיט אים טאָמיד צוזאַמען.

איינדערפרי טרעפן מיר זיך און מיר גייען צוזאַמען אין שול.

בעיים די פויזעס צוזאַמען.

און מיר גייען אַהיים צוזאַמען.

בלויז ער אַליין איז מיר געבליבן.

און עפשער איז אַ זינד אַזוי צו טראַכטן?

איך האָב דאָך אַ טאַטן, אַ מאַמען, אירענקען.

איך האָב נאָך פאַרגעסן, אַז בעיים יענער געזעגענונג־וויזיט האָבן מיר אַראָפּגעבלאָזן אַ רעדעלע פון טיש. וואָרום עס איז געלעגן אַזאַ רע־

דעלע, פון אַ זייגערל, צי פון עפּעס אַנדערש. און מאַריכנאַ האָט געזאָגט:

— ווער וועט שטאַרקער בלאָזן?

און זי האָט געבלאָזן אין איין זײַט, און איך אין דער אַנדערער.

אירענקען האָבן מיר אויך געלאָזט בלאָזן עטלעכע מאָל.

# גרויע טעג

שוין דאָס צווייטע היטל איז איינעם אַ יינגל פאַרפאַלן געוואָרן. עס איז געווען אַן אוואַנטורע.

צום מיינסטן טרעפט אין דעם צווייטן קלאַס. עס ווערן דאָרט פאַרפאַלן ביכלעך און העפטן.

עס האָט געזאָלט זיין אַ רעוויזיע.

די לערער זאָגן, אַז עס איז אַ כאַרפּע פאַר דער גאַנצער שול.

יעדער האָט געזאָגט, וואָס עס איז אים פאַרפאַלן געוואָרן, און די לערערס האָבן פאַרשריבן.

מיר האָט מען גאָרנישט צוגענומען. איך האָב געהאַט אַ שטיקל גומע, אַ קליין שטיקל. עס וואָלט נאָך גענוג געווען אויף אַ וואָך. אָבער איך ווייס נישט: עפּשער אין שול, עפּשער אויף דער גאַס, עפּשער אינדערהיים איז עס מיר פאַרפאַלן געוואָרן. און לויט טייל האָבן גענומען דיקטירן, איז אויסגעקומען, ווי אין דער גאַנצער שול געפינען זיך סאַמע גנאָווים. וואָס עמעצער האָט ערגעץ־ווו פאַרלוירן, אָדער אַוועקגעגעבן און פאַרגעסן — אַלצדינג האָט מען דיקטירט; די לערערן האָט אַזש נישט באַוויזן אַזוי גיך צו פאַרשרייבן. מיסטאָמע האָט מען אויך געזאָגט ליגן. וואָרום פּאַצעוויטש זאָגט:

— פאַרוואָס האָסטו נישט געזאָגט, אַז עס איז פאַרלוירן געוואָרן? עפּשער וועט די שול אָפּקויפן?

עס איז נאָך אַ גרעסערע גנייווע צו הייסן זיך אָפּגעבן, ווען עס איז גאָרנישט פאַרלוירן געוואָרן. אַזאַ אומפאַרשעמטער.

נו, עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס עס ווערט זיי אַ סאַך זאַכן פאַרלוירן. אָבער זיי האָבן נישט קיין קעפּ. ער פאַרוואַרפט ערגעץ און ווייסט נישט ווו. ער באָרגט און געדענקט נישט. און צוליב זיי זאָגט מען, אַז קינ־

דער זײַנען צעבושט. און דאָס ערגסטע איז, וואָס זיי ווילן, אַז אַלע זאָלן אַזוי זײַן. ווער עס וויל נישט יעדן איינעם באָרגן, — איז באַלד:

— עגאָיִסט — גיריקער, ביטראַק.

אַ סאַך מאָל ווערט מען אַזש אין קאַס, וואָרום וואָס ער זעט, איז באַלד:

— גיב.

ער דראָעט נאָך:

— געדענק, וועסט בּאַראָטע האָבן. וואָרט: כ׳וועל דיר דאָס דער־מאָנען. אָפּגעצאָלטע זאַכן. דו וועסט בּאַ מיר אַמאָל אויך עפּעס בעטן.

מיר מוזן מער באָרגן ווי דערוואַקסענע. וואָרום מען הייסט האָבן, און אויב מעז גיט נישט אינדערהיים, וואָס זאָל מען טאָן?

אָפּטמאָל זײַנען די עלטערן שולדיק, און דאָס קינד לײַדט. און דאָס ערגסטע איז, וואָס מען גלייבט נישט. בּאַ דערוואַקסענע, אויב עמעצער איז אָרנטלעך, געטרויט אים יעדער, און דאָ האָט מען אַף דעם אָרנט־לעכסטן אַ כשאַד.

— איך דאַרף האָבן אַף קאַרטולין.

ווידער קאַרטולי? האָסט דאָך ערשט נישט לאַנג געקויפט?

אַזאַ פראַגע טוט וויי. וואָרום איך עס דען אויף די קאַרטולין?

אַ דערוואַקסענער האָט זײַן אייגן געלט, און וואָס ער דאַרף, קויפט ער. אַ קינד באַקומט ווי אַ טויווע. ער דאַרף וואַרטן, אַז די עלטערן זאָלן זײַן איז אַ גוטער שטימונג, ווײַל מען וועט אים נאָך זאָגן אַ בייז וואָרט.

אַ קינד דאַרף האָבן אַ שטענדיק בּוידעשלעך געהאַלט, קעדיי עס זאָל ווייסן, וואָס עס האָט, און קעדיי זיך אויסצולערנען אויסגעבן אַזוי, אַז עס זאָל געניגן. אינדערעמעסן אָבער — אָדער דו האָסט גאָרנישט, אָדער פּלוצלינג צופיל. דאָס לערנט אוים האַזאַרד און שנאָרערײַ. וואָרום ער וועט פּרווון זיך צוכאַנפּענען, קעדיי עפּעס צו באַקומען.

מיר פאַרלירן, מיר פאַרגעסן, עס איז עמעס. אָבער זיי האָבן גרויסע קעשענעס, שופלאָדן, צו וועלכע קיינער גייט נישט צו. זיי גייען פּאַמע־לעך, באַוועגן זיך געלאַסן. און פונדעסטוועגן פאַרלירן זיי דאָך אויך און פאַרגעסן.

ווען דו ביסט פלײַסיק, דו קענסט, געדענקסט — רעדט קיינער נישט דערפון, זיי זעען נישט אונדזער פלײַסן זיך, זיי פאַרשטייען נישט

אונדזער אָנשטרענגונג. און זאָל נאָר עפּעס נישט געראָטן, איז באַלד א סקאַנדאַל.

אין די טעאַטערס זײַנען פאַראַן באַדינערס און די מאַלבושים גיט מען אַרויס דורך נומערלעך. טאָ ווי אַזוי זאָל פאַרלוירן גיין? אין דער שול הענגט יעדער אויף אַליין, נעמט אַליין. און דערצו אין אײַלעניש. איז אָט — דרײַ הונדערט שילער הענגען אויף אין אָרדענונג, אָבער עט־לעכע ווארפן אַוועק ווי ס׳איז. רעדט מען נישט וועגן דרײַ הונדערט אָרנטלעכע, נאָר מען באַשולדיקט די קינדער. און עס קומט שוין אַזוי אויס, אַז ווו עס האַנדלט זיך נאָר וועגן קינדער, איז שטענדיק, אומעטום און אַלצדינג שלעכט. אַז ווען עס זאָלן זײַן דערוואַקסענע, וואָלט געווען אַנ־דערש.

אויף יעדן שוואַך טויזנט פאַרוואָרפן, אויף יעדן דאַנק הונדערט זידלע־רײַען און דראָונגען. מען זאָל זיך כ׳וויים נישט ווי פליַיסן, כ׳וויים נישט ווי היטן.

און ווען דו זעסט, אַז זיי באַליידיקן, דערנידעריקן, זײַנען כוישעד, פאַרשעמען און באַשטראָפן, איז אָדער דו פאַרלירסט דעם כיישעק זיך צו פליַיסן, אויב מען קאָן זיי סײַ ווי סײַ נישט צופרידנשטעלן, אָדער טוסט אַפילע אויף צולאַכעס:

— זאָלן זיי שרײַען — וואָס וועלן זיי מיר דען טאָן?

דו באַמיסט זיך נאָר זיי אויסצומײַדן, וואָס ווײַטער, וואָס ווייני־קער מיט זיי צוזאַמען. סײַדן אַז מען מוז דאַווקע.

וואָרום מען דאַרף זיי, אויב עס טוט עפּעס שטאַרק ווײ. וואָרום אויב אַביסל — עפּעס אין אויג אַרײַנגעפאַלן — איז גלײַכער, אַז אַ כאַ־ווער העלפט. וואָרום באַלד זײַנען טײַנעס:

— פאַרוואָס דאָס, פאַרוואָס יענץ?

גלײַך איך וואָלט אַליין נישט געוווּסט.

אָדער ווען מיר מוזן זיך אויף עמעצן באַקלאָגן. וואָרום עס זײַנען פאַ־ראַן זייער ווייניק מאַסרים, נאָר מיר טוען עס, ווען עס איז נישטאָ קיין ברייררע. און שטענדיק מיט שרעק, אַז מען וועט אונדז אַוועקטרײַבן מיט אַ בייז וואָרט.

וואָרום טוט נאָר אַ טראַכט: אײַערע פאַרברעכער זיצן אין די טפּי־סעס, און אונדזערע גייען זיך אַרום פראַנק און פרײַ צווישן אונדז.

יאָ, מיר לעבן נאָענט נעבנאַנאַנדער, אָבער נישט צוזאַמען.

און זאָל אַ קינד זיך דערנענטערן, ווײַל עס האָט ליב, איז באַלד אַ כשאַד, אַז כניפע, אַז עס האָט אַ קאַוואַנע.

און מיר ווייסן נישט, וואָס מען מעג און וואָס אונדז קומט, מיר קענען נישט אונדזערע רעכט, נישט אונדזערע פליכטן. דערפאַר איז דאָ און דאָרט ווילקיר.

איך האָב ווידער געוואָלט זײַן אַ קינד, פּאָטער ווערן פון די גרויסע דײַגעס און טרויער פון די דערוואַקסענע, און איך האָב קינדערישע, וואָס טוען שטאַרקער וויי.

זאָל אײַך נישט אָפּנאַרן אונדזער געלעכטער.

קוקט אַרײַן אין אונדזערע געדאַנקען, בעיס מיר גייען און קומען רויִק פון דער שול, בעיס מיר זיצן רויִק אויף די לעקציעס, בעיס מיר שמועסן האַלב אָפן קאָל אָדער פליסטערנדיק, בעיס מיר ליגן באַנאַכט אין בעט.

אַנדערע דײַגעס, אָבער נישט קיין קלענערע, שטאַרקער דורכגעפּילטע, און אַ גרעסערע, אַ גרויסע בענקשאַפט.

איר זײַט שוין פאַרהאַרטעוועט אין לײַדן און רעזיגנאַציע, מיר בונטעווען זיך נאָך.

ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער, האָב איך מיך נאָר בלויז אויסגעהיט פון אַ גאַנעוו. און איצט טוט וויי, וואָס מען גאַנוועט.

— פאַרוואָס נעמט איינער אַוועק באַם אַנדערן. ווי קאָן מען דאָס?

איך בין טרויעריק, וואָס עס קאָן נישט זײַן גוט.

— מיילע, פאַרפאַלן, — האָב איך געזאָגט, ווען איך בין געווען גרויס.

און אַצינד וויל איך נישט. איך וויל נישט, אַז עס זאָל אַזוי זײַן.

און איך גלייב נישט, אַז די שול וועט העלפן. וואָרום די דערוואַקסענע האַלטן קלוימערשט אין איין אויסבעסערן אונדז, און עס קומט גאָרנישט אַרויס: זיי צעיאָטערן בלויז מער.

דאָס היטל איז נישט געפונען געוואָרן. אַלע מוזן באַצאָלן. איז דאַרף מען זאָגן אינדערהיים. און אינדערהיים וועט מען אָנפאַלן אויף דער שול.

— אַ גנייוועשע שול.

אָדער:

— וואָס טוען די לערערס, פאַרוואָס היטן זיי נישט?

ווידער אומגערעכט, וואָרום וואָס איז שולדיק די שול? די לערערס קאָנען דאָך נישט אַלצדינג היטן.

און צום טרויעריקסטן, וואָס אײנער קאָן אָפּטאָן אַלעמען אַזױפֿיל אומאָנגענעמלעכקייטן און אומרו.

וואָרום מונדעק וואַרט אױף מיר, ווײַל איך קאָן נישט געפינען דעם מאַנטל. מיר זוכן.

און דער שולדינער באַלד:

— וואָס נישטערט איר דאָ?

איך זאָג:

— מיר נישטערן נישט, נאָר מען האָט מיר ערגעץ איבערגעהאָנגען דעם מאַנטל.

— וואָס דו האָסט דאָ נישט אױפגעהאָנגען, האָסטו נישט, — זאָגט דער שולדינער.

— איך בין דאָך נישט געקומען אָן אַ מאַנטל.

און ער:

— ווער ווייסט אײַך דאָרט.

און דערנאָך:

— נו, האָסט געפונען? זעסט: ווו דו האָסט אויפגעהאנגען, דאָרט הענגט.

איך זאָג:

— איר האָט נישט געזען און ווייסט נישט.

און ער:

— זײַ נישט צו קלוג, ווײַל דו וועסט באַקומען איבערן אויער.

וויפֿל צײַט וועט אַוועק, איידער מען וועט אויפהערן נישט בלויז צו שלאָגן קינדער, נאָר צו דראָען מיט שלאָגן. וואָרום אַצינד זעט עס אויס ווי אַ גרויסע טויווע, וואָס טייל שלאָגן אונדז נישט.

אױפן וועג האָט מונדעק ווידער גערעדט וועגן פאָטער.

— דו מיינסט עפּשער, אַז מײַן טאַטע איז אַזאַ שיקער, וואָס מאַכט סקאַנדאַלן. אין אונדזער הויז וווינט איינער. מאַכט מעשוגענע שטיק — איינמאָל איז אַפילע געווען פּאָליציי. ווען ער קומט אַהיים, שלאָגט ער דאָס ווײַב און די קינדער. מען הערט אַ טראַסק, און דערנאָך אַ געיאָמער.

דערנאָך נעמט ער שלײַדערן אויף דער ערד, גלאָזוואַרג — נישט גלאָז־וואַרג. און ערשט דעמאָלט לאָזט ער זיך הערן: „דאָס אַלצדינג איז מײַן, פאַרדינט מיטן בלוטיקן שווייס. אַז ס'וועט מיך גלוסטן, וועל איך צע־ברעכן, אַ טעל מאַכן, פאַרברענען". און די קינדער: „טאַטעלע, טאַטע־לע". ווען דאָס זאָל זײַן מײַן טאַטע, ווייס איך נישט, וואָס איך וואָלט געטאָן. וואָרום מײַן טאַטע האָט בלויז אַ שוואַכן קאָפּ: ער טרינקט אויס עטלעכע גלעזלעך — איז ער אַ פאַרטיקער.

— און פאַרוואָס טרינקט ער?

— איך ווייס נישט. מיסטאָמע זיך צוגעוווינט. איך וועל נישט טרינקען, נישט רייכערן. צוואָס אַרײַנגיסן אין זיך סאַם? אפילע אין מויל ברענט עס, עס ברענט איבער דאָס בלוט און דעם מאָגן. איך האָב שוין אָנגעהויבן מיט פּאַפּיראָסן, אָבער איין יינגל האָט מיך געהייסן אַרײַנציען רויך און דורכבלאָזן דורך אַ טיכל. און עס האָט זיך געמאַכט אויפן טיכל אַזאַ געלער, שטינקענדיקער פלעק. ווען איך זאָל זײַן אַ קעניג, אָדער האָבן עפּעס אַ מאַכט, וואָלט איך פאַרמאַכט אַלע רעסטאָראַציעס, די אַלע פאַרשיידענע קנײַפּעס. אַז עס וואָלט נישט געווען, וואָלט מען גע־מוזט אויפהערן.

מיר זײַנען געגאַנגען אַ שטיקל וועג שטילשווײַגנדיק.

— אין בלוט זײַנען פאַראַן אַזעלכע מינע קײַלעכלעך, אין וועלכע עס גייט אַרײַן לופט. מאָדנע איז דער מענטש געבויט. נישטאָ קיין איין ענ־לעכע מאַשין. וואָרום גיב אַ טראַכט: אַ זייגערל, אַז דו וועסט עס נישט אָנציען, בלײַבט עס שטיין. און אַ מענטש צען, הונדערט יאָר נישט אָנ־געצויגן. דאָס בלאָט האָט אפילע געשריבן וועגן איינעם פון 140 יאָר.

און מיר האָבן אָנגעהויבן צו ריידן, וואָסערע אַלטיטשקע מיר קע־נען. דערנאָך וועגן די וועטעראַנען: אַז זיי געדענקען דעם אויפשטאַנד.

— און דו וואָלסט געוואָלט זײַן אַ וועטעראַן?

— ניין, — האָט ער גיך געזאָגט. — כ'וואָלט געוואָלט אַלט זײַן אַ פופצן אָדער צוואַנציק יאָר.

— טאָ וואָלטן שוין עפּשער דײַנע עלטערן נישט געלעבט, זאָג איך.

ער האָט געטראַכט, געטראַכט און זאָגט טרויעריק:

טאָ זאָל שוין זײַן ווי עס איז.

מיר האָבן זיך געזעגנט, דערלאַנגט די האַנט און זיך אָנגעקוקט. און

מיידלעך קושן זיך טאָמיד, אַפילע ווען זיי האָבן זיך נישט שטאַרק ליב. מיר יינגלעך זײַנען אויפּריכטיקער. און עפּשער איז עס בא זיי בלויז אַזאַ געוווינהייט.

וואָס ווײַטער?

גאָרנישט. פאַרשיידענע לעקציעס.

און בא דער גימנאַסטיק האָט דער לערער געוויזן אַ נײַע שפּיל. אַז עס זײַנען פאַראַן צוויי פּאַרטייען. מען מאַכט אַ שטריך — אַ גרענעץ. איין טייל אַף דער זײַט, די אַנדערע אַף יענער זײַט. און זיי ציען אַריבער איינער דעם אַנדערן — און נעמען אין געפאַנגענשאַפט, וועלכער צאַד עס געווינט. טכילעס האָט מען געשטערט, וואָרום מען האָט זיך בעסיוון אונטערגעגעבן, אויב מען האָט געוואָלט זײַן מיט דעם אַנדערן צאַד. אָדער מען האָט איינעם אַריבערגעצויגן, און ער רײַסט זיך אַרויס און קריגט זיך, אַז מען מעג. אָבער דערנאָך איז שוין געגאַנגען גוט. און עס איז געווען פריילעך.

מיר האָבן געבעטן, אַז מען זאָל איבערכאַזערן דאָס זעלבע ביזן סאָף שאָ, ביזן גלעקל, אָבער דער לערער האָט נישט געוואָלט. איך ווייס נישט פאַרוואָס.

לויט מײַן סייכל, וואָלט מען באַדאַרפט אויסקלייבן עטלעכע שפּילן, וואָס געפעלן — און זיך מיט זיי פאַרנעמען. אויב מען שפּילט שוין אַזוי־פיל יאָר אין קליפּע, קוקסאָ און פאַלאַנט, און אַצינד נאָך אין פוטבאָל, — פאַרוואָס זאָל דאָס דערעסן ווערן? און בא אונדז איז אַף יעדער לעק־ציע עפּעס אַנדערש. דאָס רעגט אויף, וואָרום מען קאָן קיין איינע נישט אויסלערנען גוט. מען ווייסט בלויז, וועגן וואָס עס גייט, אָבער מען דאַרף אַ סאַך וואָכן שפּילן, קעדיי גרינטלעך צו קענען: אַלע שוועריקייטן, אַלע אויפאַנים — ערלעכע און אָפּנאַרערישע.

די דערוואַקסענע דאַכט זיך, אַז קינדער האָבן טאָמיד ליב עפּעס נײַעס. דאָס זעלבע איז מיט מײַסעלעך.

עמעס, פאַראַן אַזעלכע, וואָס הייבן זיך אָן צו קרימען:

— עעע, מיר קענען דאָס שוין, מיר ווייסן שוין.

אָבער אויב מען הייבט אָן פרעגן, וועט זיך שוין טאָמיד עמעצער קרימען, אַז עס איז נישט אינטערעסאַנט און אַז ער וויל בעסער עפּעס אַנדערש.

אָבער אַ שיין מייסעלע, אַן אינטערעסאַנטע דערציילונג — קענען מיר הערן אַ סאַך מאָל. פונקט ווי דערוואַקסענע גייען אין טעאַטער נאָכאַמאָל אױף דער זעלבער זאַך, און אַפילו מער. אָבער קינדער טוען עס נישט צו באַרימען זיך, נאָר קעדיי בעסער צו קענען די זאַך.

די שול איילט זיך עפּשער צופיל, גלייך ווי עס וואָלט עמעצער געטריבן.

עס איז געווען אַן אָנגענעמע פאַרווײַלונג.

און אױף דער לעקציע פון רעכענען איז געקומען דער הער אינספּעקטאָר.

מען זאָגט אונדז, אַז מיר זאָלן זיך טאָמיד פליסן, אַפילו ווען מען זעט אונדז נישט. אַז אַפילו ווען מען היט אונדז נישט, דאַרפן מיר זיך גוט אויפפירן. און אַליין טוען זיי נישט טאָמיד אַזוי.

ווען דער אינספּעקטאָר איז געקומען, האָבן זיך אַלע מער געפליסט. אַפילו דער דירעקטאָר. די גאַנצע שול ווערט מיטאַמאָל יאַנטעוודיק. און כ׳וויים נישט, פאַרוואָס זיי האָבן מוירע, וואָרום דער אינספּעקטאָר איז אַ גוטער, זייער אַן אָנגענעמער, אינגאַנצן ווי אַ פּאָשעטער מענטש.

ער האָט געזאָגט, מען זאָל אויסרעכענען דעם אומפאַנג פון ביכל.

און דראָזדאָווסקי האָט פאַר שרעק נישט דערהערט און זאָגט:

— קיכל.

מיר האָבן געמיינט, אַז ער וועט אין כּעס ווערן, וועט אויך די לערערן דערנאָך זיין בייז אױף אונדז. ער אָבער האָט זיך בלויז צעלאַכט.

— טראַכסט וועגן קיכלעך, ביסט אַוואַדע אַ גרויסער נאַשער.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, אָבער גוט געענטפערט.

און די לערערן האָט אויך געזאָגט, אַז גוט. און עס איז געווען אַן אָנגענעמע שאָ.

עס איז געווען דער לערערנס געבורטסטאָג. אַ גרויסער פּראָסט געווען דעמאָלט, און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, מען זאָל באַפּוצן דעם קלאַס מיט צווייגן פון נאָדל-האָלץ. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט. האָבן מיר געוואָלט אָנשרייבן דער לערערן אַ ווינטש-קאַרטל; אָבער מען האָט זיך אָנגעהויבן צו קריגן, און ס׳איז ווידער גאָרנישט אַרויסגעקומען. וואָרום עס האָט געזאָלט זיין אַ קאָלעקטיוו קאַרטל: אַז איינער זאָל אָנשרייבן און אַלע זאָלן זיך אונטערשרייבן. מען האָט אָנגעהויבן זיך צו באַראַטן, אַז

מען זאָל געבן צו פינף גראָשן. אָבער ווער זאָל קויפן, און וואָס אָנשרײַבן?
— און ווידער גאָרנישט. בלויז עטלעכע בילדלעך האָט מען אויפגעצייכנט און אַנידערגעלייגט אַפן טישל. און אַפן וואַנט־טאָוול:

„מיר ווינטשן אייך".

זיי האָבן נאָך געוואָלט:

— גליק — געזונט.

אַפילע:

— אַ שיינעם מאַן.

אַזעלכע שטוסים האָבן זיי אויסגעטראַכט, האָבן מיר נישט גע־לאָזט. און מען האָט זיך געמוזט אײַלן, מען זאָל פאַרטיק ווערן בעיים דער פויזע.

די לערערן האָט געוואָרפן אַ בליק און בלויז אַ שמייכל געטאָן. אָבער זי האָט זיך אַפּאָנעם געריכט, וואָרום עס איז נישט געווען קיין לעקציע, בלויז לייענען. די לערערן האָט געבראַכט אַ ביכל „אונדזער קליינער" און די גאַנצע שאָ געלייענט.

— שיין, — טרויעריק.

אָבער עס איז אומאָנגענעם, אַז מען רײַסט איבער דאָס לייענען און מען גיט־צו פון זיך, מען דערקלערט. וואָרום יעדער וועט דאָך מיסטאָמע פאַרשטיין, אויב ער הערט זיך צו, און אויב ער וועט אַפילע נישט פאַרשטיין, וועט ער זיך שוין שפּעטער מעשאַער זײַן. עס געפינט זיך טאָמיד איינער, וואָס האָט ליב צו שטעלן פראַגעס, און אַנדערע זײַנען אין קאַס, וואָס ער שטערט. עס טרעפט זעלטן, ער זאָל עס טאַקע אַף אַן עמעס וועלן וויסן, נאָר גיכער, קעדיי צו ווײַזן, אַז קלוימערשט ווייסט ער נישט, נאָר ער איז זייער געוויסנהאַפטיק.

אויב עס איז אַ נישט שטאַרק אינטערעסאַנטע זאַך, טאָ זאָל מען דאָרט דערקלערן און איבעררײַסן, — וועט די צײַט גיכער אַוועק. אָבער אויב עס איז שיין, האָבן מיר מוירע, אַז די לערערן וועט נישט באַווײַזן איבערצולייענען. און אויב מען פאַרשטייט עפּעס נישט אינגאַנצן, קומט עס אַפילע אַרויס מער סוידעסדיק.

די לערערן האָט באַוויזן איבערצולייענען די גאַנצע דערציילונג. און שוין פאַרן גלעקל האָט זי געדאַנקט פאַר דעם ווינטשן.

איך ווייס פאַרוואָס. זי האָט מוירע געהאַט דאָס צו טאָן באַם אָנהייב

לעקציע, אַז מיר וועלן נעמען שרײַען, און מען וועט שוין נישט קענען לייע־
נען. די לערערס האָבן מוירע פאַר יעדן יאַנטעוו אין קלאַס, פאַר יעדער
פרייד, פאַר יעדן פריילעכן אויסברוך. דאָס איז אומאַנגענעם, אָבער אַזוי
האָפּאָנעם מוז שוין זײַן.

איז אָט אַזוי האָבן מיר זיך פאַרווײַלט מיט דעם און מיט יענעם —
און דאָס איז עס געווען די גאַנצע פרייד פון דער וואָך. אָבער אַגמאָס
נעפּעש — קליינע און גרעסערע — אַ סאַך. טייל אייגענע, אַנדערע פון
מיטגעפיל.

וואָרום מיר קינדער לײַדן אַ סאַך, אַז מיר פילן־מיט, ווען עמעצן
גייט שלעכט.

דער לערער האָט צעריסן קימאַט אַ נײַעם העפט העסן. ער האָט
נאַכלעסיק געשריבן; נישט אַפילע נאַכלעסיק, נאָר ער האָט זיך געאײַלט,
ווײַל די מאַמע איז אים קראַנק און ער האָט געהאַט אַ סאַך אַרבעט אין
דער היים. ער האָט נישט געוואָלט נישט מאַכן די לעקציעס, — ער האָט
מוירע געהאַט, אַז דער לערער וועט אַף אים אין כּעס ווערן. און עס איז
אַרויסגעקומען נאָך ערגער. ער איז גראַד בייז געווען, טוט ער אַ זאָג:

— אַ שילער, וואָס שעמט זיך נישט צו ווײַזן דעם לערער אַזאַ שמי־
דערײַ.

און ער האָט צעריסן קימאַט אַ נײַעם העפט.

העסן האָב איך נישט שטאַרק ליב. ער זיצט נאָר ערגעץ אַנדערש אין
איך זע אים ווייניק און רייד קימאַט נישט מיט אים. ער איז ווילד אין
שפּילן און אין שפּאַסן און ער מוז זײַן זייער אָרים.

אָבער עס האָט מיך געוווּנדערט, וואָרום איך האָב אים געזען צום
ערשטן מאָל וויינען. טאַקע מיט עמעסע טרערן. דערנאָך איז ער געבליבן
זיצן מאָרעשכוירעדיק.

איך קוק איינמאָל און נאָכאַמאָל און בעיים דער פּויזע גיי איך צו.

ווען איך בין געווען אַ לערער, האָט מיך געכידעשט, אַז ווען איך
פלעג עמעצן גערעכט אָדער אומגערעכט באַשטראָפן, האָט זיך באַלד צו־
נויפגעזאַמלט אַ קרײַזל, און מען פלעגט אויסריידן און טרייסטן. אַפילע
דער ערגסטער געפינט צווישן די בעסטע עפּעס ווי פאַרבינדעטע. קענען
מיר.

איך פלעג זאָגן:

— נישט שפּילן זיך מיט אים, נישט געבן די האַנט.

און זיי פּונקט פאַרקערט.

ערשט אַצינד פאַרשטיי איך.

דער לערער באַשולדיקט טאָמיד, טאָ מוז דאָך זײַן עמעצער, וואָס פאַרטיידיקט. וואָרום מען ווייסט דאָך, אַז כאָטש ער זאָגט גאָרנישט, וואָלט ער אויך געקאָנט עפּעס זאָגן אַף צו פאַרטיידיקן זיך. באַ די דער־וואַקסענע האָט דאָך אַפילע דער גרעסטער פאַרברעכער אַ פאַרטיידיקער.

ער האָט נאַכלעסיק אָנגעשריבן אין נײַעם העפט. דאָס איז מאָדנע. אַפילע דער גרעסטער פּויליאַק און נאַכלעסיקער פלײַסט זיך צום אָנהייב. טאָ וואָס זשע?

די מאַמע איז אים קראַנק. אויב ער פלעגט טאָמיד שרײַבן מיעס, איז אַצינד נאָך מער. און עס איז דאָך פאַראַן אַזעלכע, וואָס וויפל זיי זאָלן וועלן, עס זאָל אַרויסקומען צום שענסטן, קענען זיי נישט שרײַבן שיין. און דערצו נאָך איז דאָס פּאַפּיר שלעכט אין אַ ביליקן העפט, אָדער די פּעדער איז אַלט, די טינט בלאָס, דאָס לעש־פּאַפּיר פאַרשמירט.

איך האָב גראָד אַ נײַעם העפט, האָב איך אים געגעבן. ער האָט זיך אַזוי דערפרייט, ער זאָגט, אַז ער וואָלט אַצינד נישט געקאָנט נעמען באַם טאַטן, וואָרום עס איז באַ זיי שלעכט אַצינד צוליב דער דאָזיקער קראַנ־קייט.

ער האָט מיך אַפילע עטלעכע מאָל געהאַט פאַרטשעפּעט, אָבער איך ווייס, אַז ער וועט שוין מער נישט. מיר קענען לעבן דערווײַטערט, אָבער בעיס אַ צאָרע דאַרף מען דאָך אַרויסהעלפן.

נאָך אַן אַגמאַס נעפּעש צוליב אַזאַ מין מיטגעפיל:

די נײַע היגיעניסטקע האָט געפונען באַ קרוקן אַ לויז אַפן העמד. האָט זי אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן. אי אים, אי אַלעמען. אַז ייִנגלעך וואַשן זיך נישט, האָבן לאַנגע גראַטשערס, און האַלטן נישט ריין די שיך. (הייסט עס, קינדער האָבן גראַטשערס, און דערוואַקסענע — נעגל).

פאַרוואָס זאָגט זי נישט, אַז איינער האָט אַ לויז. צו וואָס מישט זי דאָ אַרײַן דעם גאַנצן קלאַס? און צו וואָס אים פאַרשעמען, אַז ער זאָל דאַווקע וויינען? עס קאָן זיך דאָך טרעפן. און מען קאָן נישט ווייסן, פון וועמען זי האָט זיך גענומען. מיר טרעפן זיך דאָך נישט מיט סאַמע ריינע. און מען זיצט צוזאַמען, און די מאַנטלען הענגען איינער אַפן אַנדערן. און

אין דער היים איז דאָ אַ סובלאָקאַטאָר — און ער קאָן זײַן שמוציק. און קליינע קינדער זײַנען טאָמיד אַפן הויף.

און באַלד מיט שטעכווערטלעך און מיט כויזעק. אַפילו די מאַמעס אונדזערע אַרײַנגעמישט, און דערצו האָט זי דאָך שוין לאַכלוטן נישט געהאַט קיין רעכט.

און די אונטערשמייכלער, קעדיי זיך איינצוקויפן אין יִכעס, העלפן צו: פאַרשיידענע שטעכיקע ווערטלעך. געלעכטער. דאָס מיעסע געלעכטער, פון וועלכן עס ווערט אומהיימלעך.

די שיך רייניקן? נו גוט: דאַרף מען האָבן אַ בערשטל צו פּאַסטע, פּאַסמע און אַ בערשטל צו מאַכן אַ גלאַנץ. און וואָס טוט מען, אַז די האָר זײַנען אויסגעקראָכן און ס'איז געבליבן דאָס בלויזע האָלץ? און פּאַר אַ נישט גרויס קעסטעלע דאַרף מען באַצאָלן צוואַנציק גראָשן. אַ פּאָר מאָל קאָן מען נאָך רייניקן די שיך מיט שפּײַעכץ, אָבער דערנאָך איז נאָך ערגער — וואָרום פּאַסטע אַפילו קאָן שוין דעמאָלט נישט קיין סאַך העלפן.

גלײַך ווי עס זאָל זיך ווענדן אין אונדז!..

און דאָס ערגסטע, וואָס מונדעק האָט ענגע שיך. ער האָט אָפּגעריבן אַ פוס און הינקט נאָך אַלץ. איך האָב צאָרעס מיט דעם מאַנטל, וואָס מען האָט געמאַכט אַף אויסצוּוואַקסן, אָבער אים איז נאָך ערגער.

אין דער היים האָט ער מוירע אויסצוזאָגן, וואָרום מען וועט אָנהייבן שרײַען, ווײַל מען האָט געוואָלט קויפן מיט אַ נומער גרעסער. און אויך די זײַנען געווען צו גרויס.

— איך ווייס נישט, וואָס עס איז געשען. האָפּאָנעם דער מענטש וואַקסט נישט טאָמיד אַלצאיינס. די פריערדיקע שיך זײַנען צעריסן געוואָרן, און זײַנען נאָך אַלץ געווען צו גרויס. דעמאָלט איז מיר דער פוס גאָרנישט געוואַקסן, און איצט דורך אַ האַלב יאָר, זײַנען מיר אַזעלכע לאַפּעס אָנגעוואַקסן, אַז כ'ווייס אַליין נישט פונוואַנען און ווי אַזוי. אַלץ איז מיר ענג. איך קאָן אינגאַנצן נישט מאַכן קיין גימנאַסטיק, ווײַל איך האָב מוירע, אַז עס וועט אַף מיר פּלאַצן, וואָרום עס טרעשטשעט אַזש. דער לערער איז אין כּעס, וואָס איך בייג מיך נישט אַראָפּ, וואָס איך צי נישט אויס די הענט ווי עס באַדאַרף צו זײַן, וואָס איך מאַרשיר שלעכט; אָבער טוט אַפילו נישט אַ קוק, ווי איך בין אָנגעטאָן.

— און וואָס ווילסטו טאָן? — פרעג איך.

— איך ווייס אַליין נישט. אַז איך וועל שוין אינגאַנצן נישט קע־נען גיין, וועט מען אינדערהיים שוין אַליין זען. און דעמאָלט וואָס וועט זיין, וועט זיין. מען וועט שרייַען, אָדער אפילע שלאָגן. איך בין דאָך נישט שולדיק, וואָס איך וואַקס. עס וועט דאָך אַמאָל אַ סאָף נעמען מיטן דאָ־זיקן וואַקסן.

דערנאָך האָבן מיר געשמועסט וועגן דעם, וואָס מען זאָגט, אַז אויב מען גיט אַ הינטל צו טרינקען בראָנפן, וואַקסט עס נישט. עפּשער נעמען זיך אויך די קליינע פערדעלעך דערפון, ווייַל מען האָט זיי געגעבן בראָנפן. אַזאַ שיין קליין פערדעלע האָט פּאַראַיאָרן אַרומגעפירט די אַנאָנסן פון צירק.

— האָסט געזען?

— פאַרוואָס האָב איך נישט געזאָלט זען?

— אַף גייע וועלט?

— ניין, אַף מאַרשאַלקאָווסקאַ.

די דערוואַקסענע בידעשן זיך, וואָס מיר קריגן זיך אַרום, און קלוי־מערשט זייַנען מיר סאָלידאַריש. נו יאָ; עס זייַנען פאַראַן צוויי לאַגערן: דערוואַקסענע און קינדער. און דערנאָך איין באַנדע קעגן דער אַנדערער און יעדער קעגן יעדן. בלויז איין מונדעק איז אַן עמעסער פרייַנט — און איך ווייס אויך נישט, ווי לאַנג ער וועט זייַן.

די גרעסטע אייגענע אַגמאַס נעפּעש מייַנע איז, וואָס עס איז מיר שווער אין שול. איך האָב פאַרגעסן, וואָס איך האָב געקענט, ווען איך בין געווען אַ דערוואַקסענער. אַצינד קאָן איך שוין נישט אַכטונג געבן בעיים די לעקציעס, איך מוז מיך היטן און מאַכן די לעקציעס.

עס איז מיר שווער צו ענטפערן. איך בין נישט זיכער, צי איך קען. איך האָב מוירע, אַז עס וועט נישט אַרויסקומען גוט.

ווען דער לערער אָדער די לערערין קוקן אַף דעם קלאַס און האַלטן בּאַ אויסרופן, הייבט דאָס האַרץ אָן עפּעס אַנדערש צו קלאַפּן. עפּשער איז דאָס נישט קיין שרעק, נאָר עס איז עפּעס אומאָנגענעם. גלייַך ווי אַן אויספאָרשונג, וואָס האַגאַם מען איז נישט שולדיק, אָבער ווער ווייסט, ווי עס וועט אַרויסקומען.

נישט בלויז פון זיך אַליין בין איך אָפּהענגיק, נאָר פון דעם גאַנצן

קלאַס. מען ענטפערט אַנדערש, אויב דער קלאַס ווייס און פאַרשטייט, און אַנדערש, ווען ער קען נישט, און די לערערן דענערווירט זיך.

זאָל בלויז איינער זאָגן עפּעס אַ נאַרישקייט, איז שוין נאָך אים שווער גוט צו ענטפערן.

דעריבער זײַנען פאַראַן טעג, ווען אַלע, אַפילע די ערגסטע קענען, און פאַראַן שלימאַזלדיקע טעג, ווען דער גאַנצער קלאַס איז עפּעס ווי צעבושט. ס'ײַדן עס געפינט זיך איינער, וואָס רעכנט זיך נישט מיט קיי־נעם און האַנדלט אַף אייגענער אַכראַיעס. דעמאָלט ווידער פילט ער, אַז ער האָט קעגן זיך אַלע יִינגלעך, אַז זיי ווינטשן אים שלעכטס, אַז זיי קוקן אויס, עס זאָל אים אויך נישט געראָטן.

עס הענגט עפּעס אין דער לופט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— ברעך דעם קאָפּ, ברעך דעם קאָפּ.

נו, פאַרפאַלן: איך ווייס נישט, איך פאַרשטיי נישט, איך קען נישט. פאַרוואָס מוז איך פאַרשטיין? פאַרוואָס עפּעס דאַווקע, אַז איך גיב נישט אַכטונג? צי ווייניקער פעיִקע קינדער קומט שוין קיין פּיצל אָרט אַף דער וועלט?

די לערערן האָט מיך אַרויסגערופן צום וואַנט־טאָוול. דאָס האָט גע־זאָלט זײַן אַ פאַרבעסערונג. אָבער עס האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ. איין געדאַנק בלויז:

— וועסט ווידער באַקומען אַ צוויי.

אַן אַנדערער פּרוּווט אָפּהוסטן, אָדער מאַכט אַ וויכטיקע מינע, אָדער ער וואַרט האַכנאָעדיק, אַז ס'איז אַ ראַכמאָנעס, אָדער ער קען אַפן מאָ־מענט אויסנוצן, ווען מען זאָגט אים אונטער. ער מאַכט קלוימערשט אַליין, אָבער ער וואַרט, וואָס די לערערן וועט זאָגן. אָדער עפּשער וועט אין דער לעצטער מינוט געשען אַ נעס, וואָס וועט אים אַרויסראַטעווען.

יעדער העלפט זיך אַנדערש, אַבי זיך אַרויסצודרייען. איז האָב איך אויך אַזוי געוואָלט. אָבער די לערערן געדענקט מיך שוין. איך זאָג נישט, אַז זי טשעפּעט זיך בעקיוון, אָבער זי היט שוין.

מען ווײַזט מיר מיט די פינגער, אַז באַלד וועט זײַן דאָס גלעקל. אָבער דאָס טרייסט מיך גאָרנישט. וואָרום אָדער די לערערן וועט מיך פאַרהאַלטן נאָכן גלעקל — דעמאָלט איז נאָך ערגער — אָדער זי וועט אַפילע גאָרנישט שטעלן קיין צענזור, אָבער זי וועט געדענקען.

— שלעכט.

איך ווייס אַליין, אַז ס׳איז שלעכט און איך וואַרט בלויז, צי די לערערן וועט זיך אָנהייבן בייזערן, אָדער פון מיר כוויזעק מאַכן.

— אָבער ס׳איז געווען נאָך ערגער.

— וואָס איז מיט דיר געשען? — זאָגט די לערערן מיט פאָרוווּרף.

— האָסט זיך זייער פאַרנאַכלעסיקט. גיסט נישט אַכטונג אַף די לעקציעס, שרײַבסט נאַכלעסיק, האָסט זיך אײַנגאַנצן אָפּגעלאָזן. און אָט זײַנען די רעזולטאַטן. נעכטן האָבן מיר געמאַכט אַן ענלעכע אויפגאַבע. ווען דו זאָלסט געווען אַכטונג געבן.

אַלץ פאַרפאַלן.

נו יאָ: איך בין קאַליע געוואָרן. יאָ: מיר ווערן קאַליע און מיר ווערן ווידער בעסער. קיינמאָל נישט אָן אַ סיבע. ווער עס ווייסט נישט, וואָס אין קאָפּ טוט זיך און וואָס דאָס האַרץ פילט, דעם איז לײַכט צו אורטיילן.

אַלץ פאַרפאַלן!

די לערערן האָט מיך שוין נישט ליב. און עס פאַרדריסט זי, וואָס זי האָט געהאַט אַ טאָעס. שוין גלײַכער באַלד צו זײַן אַ פּאָשעטער שילער, אַ גרויער, אַן אומבאַקאַנטער. עס איז זיכערער, גרינגער, פרײַער. וואָרום מען פאָדערט ווייניקער, מען דאַרף זיך נישט אָנשטרענגען.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און וואַרף בלויז אַ בליק ביגנייזוע, וואָרום איך ווייס נישט, צי דער לערערן איז אַ ראַכמאָנעס, אָדער זי וועט מיך אויפהערן ליב צו האָבן.

אַ לערער זאָגט קיינמאָל נישט, צי ער האָט ליב, אָבער מען פילט שוין אַליין. ער האָט גאָר אַן אַנדער קאָל און אַן אַנדערן בליק. טײלמאָל שטויסט עס אַזש אָפּ, עס לויפט אַזש אַדורך אַ קעלט איבערן לײַב.

און דו לײַדסט זייער און קאָנסט דיר גאָרנישט העלפן. אָדער דו שפּירסט, אַז עס הייבט זיך אויף אין דיר אַ בונט.

וואָרום וואָס בין איך שולדיק?

אַז באַראַנסקי האָט אויסגעטראַכט אַ נאַרישע שפּיל און מיר אַ שפּריץ געטאָן אין די אויגן מיט אַ פּאָמעראַנצן־שאָלעכץ. עס האָט שטאַרק אַ ברען געטאָן. איך האָב אַפילע גאָרנישט געזאָגט, נאָר רײַב מיר די אויגן.

און די לערערן:

— וואָס טוסטו? אנשטאט אַכטונג צו געבן...

איך וועל דאָך נישט גיין דערציילן. וואָרום דאָס טרעפט דען בלויז איין מאָל?

עס וועט דיר עמעצער אַ קניפּ טאָן, וועסט אַ געשריי טאָן און זיך אַ הייב טאָן פון אָרט. ביסטו שוין שולדיק.

די לערערס ווייסן נישט, ווי שטאַרק מיר האָבן מוירע פאַר די, וועגן וועלכע מען זאָגט:

— אַ שטילן וואַסער.

אַזאַ איינער טוט, וואָס ער וויל, און עס וועט אים גאָרנישט געשען. עס איז אַן אומגליק צו האָבן אים פאַר אַ שאָכן אויף דער באַנק, אָדער הינטער זיך. מען איז קיינמאָל נישט זיכער מיט דער שאָ, מיט דער מינוט.

איינמאָל בין איך אַליין אויך אַביסל שולדיק געווען.

איך זיץ אויף דער לעקציע, און גיב אַ קוק, שטשאַווינסקי האָט אויף די פּלייצעס, אויפן רעקל פינף פינגער מיט קרייד. בעיים דער פויזע האָט עמעצער אָנגעשמירט די הענט מיט קרייד און אַ קלאַפּ געטאָן. יענער ווייסט נישט, אָבער די האַנט האָט זיך אָפּגעדרוקט אויף די פּלייצעס.

האָב איך געוואָלט צומעסטן, צי עס איז די רעכטע אָדער די לינקע האַנט. איך האָב אַפילע געוואָלט פונווייטן, אָבער נישט ווילנדיק האָב איך אַ ריר געטאָן. און ער האָט זיך אויסגעדרייט. דער לערער ווידער באַלד אויף אים, פאַרוואָס ער דרייט זיך. און ווישניעווסקי:

— אָ וואָס פאַר אַ פינגערוקעס.

און דער לערער ווענדט זיך באַלד צו מיר.

איך וויַיז די האַנט, אַז זי איז ריין. און דער לערער:

— שטעלט זיך ביידע אַוועק בײַ דער באַנק.

מיר זײַנען נישט געשטאַנען לאַנג. אָבער נישט וועגן דעם גייט עס. עס איז נישט ניכע, וואָס אַלע אונדזערע איניאַנים דערלעדיקט מען גיך און ווי ס'איז נישט איז; וואָס פאַר די דערוואַקסענע איז אונדזער לעבן, אונדזערע דײַגעס און דורכפאַלן בלויז ווי אַ צולאָג צו זייערע עמעסע דײַגעס.

עס זײַנען פאַראַן, הייסט עס, צוויי פאַרשיידענע לעבנס: זייערס

— וואָס איז וויכטיק און רעספּעקטפול, און אונדזערס, וואָס איז ווי אַף אַ שפּאַס. דערפאַר ווײַל קלענער און שוואַכער, זײַנען מיר בלויז ווי אַ מין שפּילעכל. פונדאַנען שטאַמט די גרינגשעצונג.

קינדער — דאָס זײַנען די קומענדיקע מענטשן. הייסט עס, זיי וועלן ערשט זײַן, דאָס הייסט, אַצונד זײַנען זיי נאָך נישט.

אונדזערע קינדער־יאָרן — דאָס זײַנען יאָרן פון עמעסן לעבן.

פאַרוואָס און אַף וואָס הייסט מען אונדז וואַרטן?

צי דערוואַקסענע גרייטן זיך צו דער עלטער, צי פאַרטאַכלעווען זיי נישט לײַכטזיניק די קויכעס, צי הערן זיי אויס גערן די וואָרענונגען פון די בורטשענדיקע אַלטע?

אין דער גרויקייט פון לעבן פון אַ דערוואַקסענעם פלעג איך טראַכטן וועגן די קאָלירפולע יאָרן פון דער קינדהייט. איך האָב מיך צוריקגע־קערט, זיך געלאָזט פאַרפירן פון די דערינערונגען. און אָט בין איך אַרײַנ־געטרעטן אין דער גרויקייט פון קינדערשע טעג און וואָכן. איך האָב גאָר־נישט געוווּנען, איך האָב בלויז אָנגעווווירן די פאַרהאַרטעוועטקייט פון רעזיגנאַציע.

עס איז מיר טרויעריק. שלעכט.

איך פאַרענדיקט די מאָדנע דערציילונג.

די געשעענישן קומען אָן גיך איינע נאָך די אַנדערע.

איך ברענג אין שול אַרײַן מאַריכנאַס קאַרטל, קעדיי צו ווײַזן מוג־דעקן.

און ווישניעוווסקי האָט עס מיר אַרויסגעריסן פון דער האַנט.

— גיב אָפּ!

ער אַנטלויפט.

— גיב אָפּ, דו הערסט?

ער לאַכט און טוט אַ שפּרונג איבער דער באַנק. און אַנטלויפט.

— גיב אָפּ, די מינוט.

ער פּאָכעט מיט דער האַנט אין דער לופטן און שרײַט אַפן קאָל:

— טריפּשטיק. אַ בריוו פון דער קאַלע.

איך רײַס עס אים אַרויס, צעקנייטש עס. און צערײַס אַף שטיקלעך.

איך האָב נישט באַמערקט, אַז אַ שטיקל איז אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד.

איך בין ווילד פון ווייטיק און צאָרן.

און ווישניעווסקי:

— זעט נאָר, יינגלעך, הונדערט מיליאָן מאָל קושט זי אים.

איך לויף צו — און גיב אים אַ פּאַטש.

דער דירעקטאָר טוט מיך אַ כאַפּ־אָן בײַ דער האַנט.

— יאָ, ער איז קאַליע געוואָרן. שיין געצייכנט. שיין געשריבן. אַצונד גיט ער נישט אַכטונג. איז אומרויִק. מאַכט שלעכטע די לעקציעס.

מען שיקט נאָך דער מאַמען.

— וואַרט. זאָל נאָר דער טאַטע צוריקומען פון דער אַרבעט. ער וועט דיר שוין נישט געבן קיין גילדנס אַף ביאָגראַף.

אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן.

אומעטום בייזע ווערטער, בייזע בליקן, — אַן אָנזאָג אַף נאָך שרעקלעכערס.

מונדעק וויל טרייסטן. איך ווייס, אָבער איך קאָן נישט. איך שטויס אים אָפּ גראָב. איך וואַרף אַן אומזיניקע באַשולדיקונג:

— דאָס איז אַלץ איבער דיר.

מונדעק קוקט אַף מיר געפּלעפט.

פאַרוואָס?

אַלץ איבער דעם קאַרטל.

איך האָב פײַנט מאַריכנעז.

— אַ נאַר. — אַ קאָקעטקע אַ. גאַנצע נאַכט וואָלט זי געטאַנצט. גלאָצט מיט די אויגן.

אַ שאָד וואָס זי איז ווײַט. איך וואָלט איר געטאָן אַף צולאָכעס. איך וואָלט זי געשלאָגן. איך וואָלט איר דאָס שלייפל אַרײַנגעוואָרפן אין רינשטאָק.

איך רײַס אַרויס דעם אַרבעס פון בלומענטאָפּ. און שלײַדער דורכן

פּענצטער. אירענע האָט טרערן אין די אויגן. זי פילט, אַז עס איז געשען עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך.

ניִשט האָבן גאָרנישט און קיינעם.

ראַבטשיק, ווו ביסטו?

ניין.

צו וואָס טויג מיר דער דאָזיקער הונט? זאָל אים באַנטשקעוויטש האַלטן פאַר פּראָצענט. ער האָט אים געקויפט פאַר צען גראָשן. זאָל ער אים לעקן די הענט.

איך האָב פאַרניכטעט אַלע אָנדענקונגען, איך האָב איבערגעריסן מיט דער גאַנצער וועלט.

איך בין געבליבן אַליין.

די מאַמע?

זי האָט דאָך געזאָגט, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פון מיר. בלויז אירענע. איך — ניִשט.

אַן אומווירדיקער, אַ פאַרברעכער, פאַרשאָלטן, צעקריגט מיטן לעבן. אַלע האָבן פאַרלאָזט. אומעטום פאַרראַט.

— אַן אומרויִקער. מאַכט שלעכט די לעקציעס.

און די לערערן, און ראַבטשיק, און די מאַמע.

איך בין אַרויפגעלאָפן ביז אויפן סאַמע בוידעם און זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיגן פאַר דער טיר.

עס איז פּוסט אין מיר און פּוסט אַרום.

איך טראַכט שוין אַצינד וועגן גאָרנישט.

און פון דער טיפעניש פון דער ברוסט האָב איך אָפּגעזיפצט.

דורך דער שפּאַרע פון דער בוידעם־טיר קריכט אַרײַן זיך וואַקלענדיק דאָס מענטשל מיט דער לאַמטערן.

— אַהאַ!

ער גלעט זיך די גרויע באָרד. ער זאָגט גאָרנישט.

ער וואַרט.

מיט אַ האָפענונגלאָז געפּליסטער — דורך טרערן:

— איך וויל זײַן אַ גרויסער. איך באַגער צו זײַן אַ דערוואַקסענער. דעם שרעטעלעס לאַמטערן האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן.

איך זיץ באַם שרײַבטיש.
אַ באַרג העפטן צום קאָריגירן.
פאַרן בעט דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע דיוואַנדל.
די פאַרשטויבטע שויבן אין פענצטער.
איך שטרעק אויס די האַנט נאָך דעם ערשטן העפט.
אַ גרײַז.
דאָס וואָרט: "stół" געשריבן מיט u. פאַרשטראָכן דער u.
און איבער אים אַ "o." און ווידער פאַרשטראָכן דער "o" און סאַמע
אויבן ווידער אָנגעשריבן "u".
איך נעם אַ בלויען בלײַשטיפט און שרײַב: "stuł — stuł"..

אַ שאָד. אָבער איך וויל נישט צוריק...

